ביבליאָטעק מאַרק ראַקאָווסקי

שענג טשענג

# מיין מוטער

פון פראנצויזיש: מאַרק ראַקאָווסקי

מיט א פאררעדע
פון פאָל וואלערי

וואַרשע 1930



„גיט די הונגעריקע רייז
און ס'הארץ — די ליידנדיקע".

# הקדמה פון פאָל וואַלערי

פּרעכטיקע ביכער זענען אַ יקר-המציאות, און זעלטן באַווייזן זיך ביכער פון אמתן ווערט. מען זעט כמעט קיינמאָל נישט די קאָמבינאַציע פון דידאַזיקע ווערטן. אָבער אוממוואַרשיינלעך הייסט נאָך נישט: אוממעגלעך. ס׳קען אַמאָל פּאַסירן, אַז אַ פּרעכטיק ווערק זאָל מיט זיך כאַראַקטעריזירן אַ וועלט-עפּאָכע.

אונטער די איידלסטע קאָלירן און אונטער די צאַרטסטע פאָרמען, געפין איך אינם ווערק פון הער שענג-טשענג, די התחלות פון גרויסע וווּנדערבאַרע נייסן. אַזעלכע ווערק גיבן מיר אַריין טרוימען וועגן דעם מאָרגנשטערן, וואָס באַווייזט זיך ביי ראָזאָווע ליכט און דורך זיינע צאַרטע ניואַנסן רופט ער אין אונדז אַרויס אינערלעכע באַוועגונגען און זאָגט אונדז אָן וועגן דער אומגעהויערער געשעעניש, אַז דער טאָג ווערט געבוירן.

וואָס קען זיין מער ביי און וואָס אַזוינס קען האָבן אַ טיפערע ווירקונג, ווי אַן אונטערנעמונג פון אַ דירעקטער קאָרעספּאָנדענץ צווישן די גייסטער פון איראָפּע און פון דער ווייטסטער אַזיע, און אַפילו צווישן די הערצער? דערדאָזיקער האַנדל פון געפילן און געדאַנקען איז נאָך ביז איצט נישט צושטאַנד געקומען. ס׳איז נאָך נישט געווען קיינער צווישן אונדז, וואָס האָט דערפון געטראַכט.

לאַנג-לאַנג איז כינע פאַר אונדז געווען אַן אָפּגעזונדערטע פּלאַנעטע. אין אונדזערע געדאַנקען האָבן מיר זי באַפעלקערט מיט אַ פאַנטאַסטיש פאָלק, ווייל ס׳איז אַ גאַנץ נאַטירלעכע

דערשיינונג צו פֿאַרקלענערן די וועזנס, וועלכע קומען אויס אויס־טערליש אין אונדזערע אויגן. אַן אָנגעפּודערטער קאָפּ, אַ קאָפּ אין אַ פּאַרוק, אָדער אַ טרעגערין פֿון אַ הוט „פֿון הויכער פֿאָרם", קען נישט באַגרייפֿן קיין קאָפּ מיט אַ לאַנגן צאָפּ.

דעמדאָזיקן פֿאָלק האָבן מיר באַשאָנקען מיט אַ מיש־מאַש פֿון מעלות און חסרונות: שוואַכקייט און אויסגעהאַלטנקייט, אומטעטיקייט און אויסערגעוויינלעכע אונטערנעמונגס־קראַפֿט; אומוויסנקייט און גלייכצייטיק געשיקטקייט, נאַיוויטעט און אומ־פֿאַרגלייכלעכע שאַרפֿזיניקייט, איינגעהאַלטנקייט און וווּנדערבאַרע ראַפֿינירונג, לעכערלעכקייט אָן אַ שיעור און אָן אַן ערך. מען האָט געקוקט אויף כינע, ווי אויף אַ גרויס אָנמעכטיק פֿאָלק, דערפֿינדעריש און אָפּגעשטאַנען, איבערגלויבלעך און אַטעאיס־טיש, אַכזריותדיק און פֿילאָזאָפֿיש, פּאַטריאַרכאַליש און אויסגע־לאַסן. און צעחושט פֿון דעמדאָזיקן פֿלאָנטער פֿון געדאַנקען, האָבן מיר נישט געוווּסט וואָסער אָרט מיר זאָלן זי אָפּגעבן אין אונדזער ציוויליזאַציע־סיסטעם, — דעמדאָזיקן סיסטעם, וואָס מיר טראָגן צו מיט טריאומף די עגיפּטיאַנער, די יידן, די גריכן און די רוימער. נישט קענענדיק אַראָפּנידערן כינע צו דער מדרגה פֿון באַרבאַרן, פֿאַר וועלכע זי האַלט אונדז, און נישט דערהייבן זי אויף אונדזער שטאַנדפּונקט פֿון שטאָלצקייט, האָבן מיר זי אַריינגעפּאַסט אין אַן אַנדער ספֿערע, אין אַן אַנדער כראָנאָלאָגיע, אין דערדאָזיקער קאַטעגאָריע פֿון זאַכן, וואָס האָט אַ ממשות און איז גלייכצייטיק אומפֿאַרשטענדלעך, וואָס ציט איר עקזיסטענץ זייט ביי זייט מיט דער אומענד־לעכקייט.

קיין שום זאַך איז אונדז נישט אַזוי שווער צו באַגרייפֿן ווי די באַגרענעצונג פֿון ווילן, פֿון גייסט און די מעסיקייט בנוגע דער אויסנוצונג פֿון די מאַטעריעלע כּוחות. וויאַזוי קען מען דערפֿינדן אַ קאָמפּאַס, — פֿרעגט דער אייראָפּעער, — און נישט שטופּן די נייגעריקייט ווייטער ביז צו דער וויסנשאַפֿט פֿון מאַגנעטיזם. און אַז מען האָט עס שוין דערפֿונדן, וויאַזוי קען מען זיך איינהאַלטן און נישט טראַכטן וועגן אַוועקשיקן

העט ווייט אַ פּלאַט, וואָס זאָל אויפזוכן און באַהערשן לענדער אויף יענער זייט פון די ימים? — דיזעלבע וואָס האָבן אויס־געטראַכט פּולווער, גייען נישט ווייטער אין כעמיע און מאַכן נישט קיין הארמאַטן; זיי נוצן אויס די פּולווער אויף פּאַרשיי־דענע צאַצקעס און אויף נאַכט־פאַרווײַלונגען.

דער קאָמפּאַס, פּולווער און די דרוקעריי האָבן אַריינגע־פירט אַן ענדערונג אין דער הנהגה פון דער וועלט. די כינע־זער, וועלכע האָבן עס אויסגעטראַכט, האָבן זיך נישט אַרומגע־זעען, אַז זיי באַזיצן די מיטלען, וועלכע האָבן אין זיך די קראַפט: כסדר צו שטערן די מנוחה פון דער וועלט.

אָט דערין ליגט אונדזער אומגליק. מיר באַזיצן אין דער העכסטער מאָס דאָס געפיל פון מיסברויכן. מיר באַגרייפן נישט, וויאַזוי מען קען זיך אָן דעמדאָזיקן געפיל באַגיין, אַז מען דאַרף נישט פון אַלץ אַרויסציען נוצן און פון יעדער געלעגנ־הייט די הארבסטע און די אויסערגעוויינלעכסטע קאָנסעקווענצן, אַז מען דאַרף אַנטוויקלען דידאָזיקע דערפינדונגען און אַרויס־שלעפּן דאָס אויסערסטע וואָס זיי קענען געבן. צי באַשטייט דען נישט אונדזער אַרבעט דערין, וואָס מיר באַמיען זיך צו פאַרקלענערן די וועלט דורך אונדזערע באַוועגונגען, און צו באַלעסטיקן אונדזער פאַרשטאַנד, נישט אַזוי פיל דורך דער אומ־באַשטימטער אומענדלעכקייט, וואָס מיר ווייסן נישט, ווי דורך אַ גאַנצע רייע אַקטועלע זאַכן וואָס מיר וואָלטן געקענט און וועלן קיינמאָל נישט קענען וויסן?

מיר פאַרלאַנגען אויך, אַז די קעגנשטאַנדן זאָלן תּמיד זיין פעסטער, שנעלער, פּינקטלעכער, מער קאָנצענטרירט, מער איבערראַשנדיק. דאָס נייע, וואָס האָט בטבע קיין ממשות נישט, איז פאַר אונדז אַזאַ דערהייבענע מעלה, אַז בעת עס פעלט, ווערן די איבעריקע מעלות קאַליע און בעת עס איז אַנוועזנד, פאַרבייט עס זייער אָרט. דורך נישטיקייט, שנאה און אומעט ווערן מיר געצוווּנגען צו באַוועגן זיך פאָרויס אין דער ריכ־טונג פון קונסט, זיטן, פּאָליטיק, אידעען, און מיר זענען אַזוי פאַרמירט, אַז מיר ווילן בלויז אויפכאַפּן די שטוינונג און דעם

אויגנבליקלעכן אַפעקט פונם שטויס. צעזאַר איז געווען דער מיינונג, אַז ער האָט גאָרנישט אויפגעטאָן, כּל־זמן ס'איז נאָך עפּעס פאַרבליבן צו טאָן. נאַפּאָלעאָן האָט געשריבן: „איך האָב תּמיד געזען פאַר זיך דאָס, וואָס ס'וועט זיין אין צוויי יאָר אַרום". דידאָזיקע ווערטער, דאַכט זיך, האָבן איבערגעגעבן די גאַנצע באַאומרויקונג, די אומטאָלעראַנץ צו דאָס, וואָס ס'איז דאָ — די מידה פון כמעט דער גאַנצער ווייסער ראַסע. פּונקט ווי זיי, ווילט זיך אונדז גאָרנישט טאָן, אויב מיר וועלן נישט צעשטערן דאָס פריערדיקע, אַפילו אינם פאַל ווען ס'זאָל אונדז אויסקומען אַליין פאַרשווונדן צו ווערן.

אמת טאַקי, לויט ווי ס'דאַכט זיך אונדז, איז דידאָזיקע שטרעבונג שעפעריש, אָבער אין דער ווירקלעכקייט איז זי פּונקט אַזוי אויטאָמאַטיש אין איר פּראָצעס ווי די היפּוכדיקע שטרעבונג. ס'קומט פאַר גאַנץ אָפט, אַז די סיסטעמאַטישע שטרעבונג צו נייעס איז אַ פאָרם פון דער קלענסטער טעטי־קייט — אַ פּשוטע לייכטקייט.

ס'קענען נישט זיין קיין סימעטרישע באַציונגען צווישן אַ געזעלשאַפט, ביי וועלכער שנעלקייט איז געוואָרן אַ בולטער געזעץ, און צווישן אַן אַנדער געזעלשאַפט, וווּ אומבאַוועגלעכ־קייט איז די פילבאַרסטע ייגנטום. אויך קעגנזייטיקייט, — דער באַדינג פון גלייכגעוויכט, וואָס דעפינירט דעם רעזשים פון אמתן שלום, — קען קוים עקזיסטירן.

ס'זענען דאָ נאָך ערגערע פאַקטאָרן.

צום אומגליק פאַרן מענטשלעכן מין, זענען דאָ אין דער נאַטור זאַכן, צוליב וועלכע די באַציונגען צווישן פעלקער הייבן זיך תּמיד אָן דורכן קאָנטאַקט פון אַזעלכע אינדיווידן, וועלכע זענען צום ווייניקסטן מסוגל אויפצוזוכן די געמיינזאַמע וואָרצלען און אויסצופאָרשן קודם־כּל די געמיינזאַמקייט פון די געפילן.

צוערשט קומען פעלקער אין באַרירונג אַ דאַנק זייערע ערגסטע און גייציקסטע מענטשן; דאָס הייסט דורך אַזעלכע מענטשן, וואָס באַמיען זיך מיט אַלע כּוחות אָנצוואַרפן זייערע

דאָקטרינעס און בלויז געבן, נישט נעמען צוריק דאָס, מיט וואָס יענע צייכענען זיך אויס. סיי די ערשטע, סיי די צווייטע זענען נישט אויסן דעם גלייכן אויסטויש און צום ווייניקסטנס טראַכטן זיי וועגן פֿאַרהיטן די רו, די פֿרייהייט, דאָס גלויבן און דאָס פֿאַרמעגן פֿונם צווייטן. זייער ענערגיע, זייער טאַלאַנט זייערע חושים, זייער איבערגעבנקייט פֿאַרווענדן זיי אויף שאַפֿן אָדער אויף אַנטוויקלען אומגלייכקייט. זיי פּטרן זייערע כּוחות און אָפּטמאָל זענען זיי זיך אַפֿילו מקריב, בעת זיי האַלטן ביים מאַן יענעם דאָס, וואָס זיי וואָלטן נישט געוואָלט מען זאָל עס זיי טאָן. אַלזאָ, מען מוז אומכּאַזיינגט פֿיינט האָבן די מענטשן, נישט האָבנדיק צייטנווייז דעמדאָזיקן געפֿיל — און אַפֿילו אַ ריינעם געוויסן — אַבי ס'זאָל זיך איינגעבן זיי אומצוברענגען אָדער זיי אָפּצונאַרן. צוערשט איז שנאה. אוממעגלעך איינצושטעלן וועלכע עס איז קעגנזייטיקע באַציונגען.

נישט-אָנערקענונג, קעגנזייטיקע שנאה, וועזנטלעכע אַנטיפּאַטיע, אַזוי צו זאָגן, אַ מין דאָפּלטע נעגאַציע, פֿאַרבאָרגענע געדאַנקען פֿון אכזריות און פֿאַלשקייט — דאָס איז ביז אַצונד געווען דער פּסיכאָלאָגישער סובסטאַנץ פֿון די באַציונגען, מיט וועלכער ס'האָבן זיך באַשאָנקען די פֿרעמדע מאַלפּעס און טייוואָלאָנים.

אָבער ס'קומט אָן די צייט, ווען די פֿרעמדע טייוואָלאָנים מוזן זיך אָפּטרייסלען פֿון דער געוואַלדיקער ווירקונג פֿון זייערע אַקטיווע אייגנשאַפֿטן. דידאָזיקע אויסטערלישע דעמאָנס זענען פֿאַרשיכּורט פֿון אידעען, זיי לעכצן נאָך מאַכט און וויסן, רעגן אויף און פֿאַרשווענדן צופֿעליק זייער נאַטירלעכע איינגעשלאָפֿענע ענערגיע, פֿאַרברויכן מער כּוחות וויפֿל זיי דאַרפֿן, בויען געדאַנקען-פֿאַרמען, וועלכע זענען קאָמפּליצירטער און אַלגעמיינער פֿון דעם געדאַנק אַליין; אָבער דאָך ווילט זיך זיי, פֿון דער צווייטער זייט, אַרויסשלעפּן פּרימיטיווע ראַסן און פֿעלקער, באַלעסטיקט מיט יאָרן, פֿונם פֿאַרגליווערטן צושטאַנד.

אָט, ביי אַזעלכע אָנגעלעגנהייטן איז אויסגעבראָכן אַן אכזריותדיקע מלחמה, פֿאַרכאַפּנדיק אומגעהויערע שטחים; ס'האָט

זיך געשאַפן אַ וועלטלעכע פּאַניק, און דער מענטשלעכער מין איז פאַרזונקען געוואָרן אין זיינע טיפענישן. מענטשן פון אַלע קאָלירן, פון פאַרשידענע מנהגים, פון אַלע קולטורן, זענען אַרויסגעפאָדערט געוואָרן צו דעמדאָזיקן אַזוי-אָנגערופענעם פאַרלעצטן מ ש פ ט. אַלע אידעען און מיינונגען, אַלע פאָראורטיילן און אָפשאַצונגען, אויף וואָס ס'האָט זיך באַזירט דער פריערדיקער פּאָליטישער פונדאַמענט, זענען איצט געוואָרן אָפּהענגיק פון פאַרשידענע שרעקלעכע נסיונות. ווייל אַ מלחמה איז אַן אומגעריכטער צוזאַמענשטויס פון געשעענישן. די פיזיק מיט איר גאַנצער קראַפט וואַרפט אַריין די פסיכיק אין אַזאַ מין צושטאַנד: אַז אַ דויערהאַפטע אַלגעמיינע מלחמה צורודערט אין יעדן קאָפּ די באַגריפן, וואָס מען האָט זיך צוזאַמענגעשטעלט וועגן דער וועלט און וועגן דעם מאָרגנדיקן טאָג.

דער שלום איז בלויז אַ קאָנווענצן-סיסטעם, אַ גלייכגעוויכט פון סימבאָלן, כלומרשט אַ פעסטער בנין. דראָאונג פאַרטרעט דאָרט דאָס אָרט פון מעשים; דאָס פּאַפּיר פאַרטרעט דאָס אָרט פון אַלץ. צוטרוי, געוווינהייט, ערינערונגען, ווערטער זענען עלעמענטן, דירעקט פאַרבונדן מיט פּאָליטיק, — ווייל יעדע פּאָליטיק איז ספּעקולאַציע — אַן אָפּעראַציע, מער אָדער ווייניקער, געשטיצט אויף פיקטיווע ווערטן. יעדע פּאָליטיק איז מחויב צו דיסקאָנטירן און איבערטראַנספּאָרטירן די מאַכט. די מלחמה ליקווידירט ענדלעך דידאָזיקע פּאָזיציעס, הייסט צאָלן מיט עפעקטיווע, ממשותדיקע כוחות, פרווט אויס די הערצער, עפנט אויף די אוצרות, פאָדערט מעשים אָנשטאָט אידעען, רעזולטאַטן אָנשטאָט מפורסמקייט, צופאַל אָנשטאָט פאָרויסגעזעענקייט, טויט אָנשטאָט פראַזן. די מלחמה שטרעבט אונטערצוואַרפן דעם ווייטן גורל פון זאַכן אונטער דער ברוטאַלישער ווירקלעכקייט פון דער איצטיקער רגע.

די לעצטע מלחמה איז געווען רייך מיט פאַרשידענע אַנטפּלעקונגען. מען האָט געזען, ווי די שטאָלצעסטע און די רייכסטע פעלקער פון דער ערד זענען דערפירט צו אַ קבצנישן צושטאַנד, בעטן הילף ביי שוואַכערע, אַן אָנלען, ברויט.

פאַרשידענע אַנדערע אונטערשטיצונגען, אומפּעיִק איינצוהאַלטן פאַר זיך אַליין דעם העכסטן חלק, אין וועלכן זייער אייגענע מאַכט האָט זיי אַריינגעפירט. אַ סך אויגן האָבן זיך אויפגעעפנט, אַ סך רעפלעקסיעס זענען אַרויסגערופן געוואָרן, אַ סך פאַרגלייכונגען זענען געמאַכט געוואָרן.

אָבער נישט ביי אונדז אַנטוויקלען זיך די וויכטיקסטע פאָלגן פון דידאָזיקע גרויסע געשעענישן. ס'איז כאַראַקטעריסטיש, אַז נישט די פעלקער, וועלכע האָבן דירעקט גענומען אָנטייל אָדער געגעבן אַ ווידערשטאַנד אינם גרויסן קאָנפליקט, זענען ביי היינטיקן טאָג צעבונטעוועט און טראַנספאָרמירט. די פאָלגן פון דער מלחמה פאַרברייטערן זיך אויסער די גרענעצן פון אייראָפּע, און ס'איז נישטאָ קיין שום ספק, אַז מיר וועלן נאָך אָנקוקן דעם צוריקקער פון אַנטיפּאָדן — דער פועל יוצא פון אַ צערודערונג, וואָס איז איבערגעטראָגן געוואָרן אויף דער גרויסער מאַסע פון אָריענט.

די מאַלפּעס ווייסן, וואָסערע שטערונגען די פּאַסיוויטעט איז גורם, אויב זי איז צו פאַרעקשנט און צו דויערהאַפט. שוין פון גאַנץ לאַנג שטיצן זיי זיך אויף דעם פּרינציפּ, אַז יעדער שינוי איז שלעכט; אָבער די אויסלענדישע טייוולאָנים האָבן זיך געשטיצט אויפן היפּוכדיקן געזעץ. דידאָזיקע יורשים פון דער גריכישער דיאַלעקטיק, פון דער רוימישער חכמה און פון דער עוואַנגעלישער דאָקטרינע, שלעפנדיק פון שלאָף דאָס איינציקע פאָלק אין דער וועלט, וואָס איז צעפרידן, אין אַ משך פון אַזעלכע לאַנגע דורות, מיט איר רעגירונג, מיט אירע ראַפינירטע ליטעראַטן, ווייסן אַליין נישט, וואָס ס'וועט ווערן. וואָסערע אינערלעכע טראַנספאָרמאַציעס פון אייראָפּע ס'וועלן מוזן פאַרקומען, אין וואָסער נייער פאָרם פון גלייכגעוויכט די מענטשלעכע וועלט וועט שטרעבן אין דער צוקונפטיקער תקופה.

אָבער קוקנדיק מענטשלעך אויף דידאָזיקע מענטשלעכע פּראָבלעמען, באַגרענעץ איך זיך דערמיט, וואָס איך האַלט וועגן אַן אומפאַרמיידלעכע דערנענטערונג פון דידאָזיקע פאַרשידענע פעלקער. עס עקזיסטירן מענטשן, וועלכע האָבן זיך קיינמאָל

נישט אנגעקוקט, גלייך ווי פולשטענדיק פרעמדע, און זיי זענען טאַקי געווען פרעמד, ווייל זיי האָבן זיך נישט געגוויטיקט אין איינאַנדער. מיר זענען, אין פולן זין פון וואָרט, געווען נייגע-ריקע חיות איינער צום צווייטן; און אויב מיר זענען געווען געצוווּנגען קעגנזייטיק איינער דעם צווייטן צו באַשענקען מיט געוויסע מידות, מיט דער אָדער יענער מעלה, בלויז אין געוויסע פונקטן, האָבן מיר אַזוי געטאָן, גלייך ווי מיר טוען מיט דער אָדער יענער חיה, בעת מיר באַמערקן אין איר קראַפט, גע-שיקטקייט, פלינקייט, וואָס מיר פאַרמאָגן נישט.

אויב מיר האָבן זיך געקענט, און קענען זיך אויך איצט, איז בלויז אַ דאַנק מסחר, מלחמה, אַ דאַנק וועלטלעכע און גייסטיקע פּאָליטיק, — די אַלע באַציונגען, וועלכע שאַפן קעג-נערישע באַגריפן און אַ קעגנערישע שנאה.

דידאַקטיקע באַציונגען זענען אומבאַדינגט אויבערפלעכלעך. דידאַקטיקע באַציונגען באַזירן זיך נישט בלויז אויף פולשטענדי-קער איגנאָראַץ אין פאַרבינדונג מיט דער אינטימער זייט פון די וועזנס, נאָר זיי זענען אויך גורם דידאַקטיקע איגנאָראַנץ. ס׳וואָלט געווען זייער שווער, כמעט אוממעגלעך — אָפּצונאַרן, אויפרעגן אָדער פאַרניכטן עמיצן, וועמענס טיף לעבן איז אייך גוט באַ-קאַנט און זיינע געפילן קענען געמאָסטן ווערן דורך אייערע.

אָבער אַלץ פירט דערצו, אַז די פעלקער פונם ערד-קוגל זאָלן זיך שטעלן אין אַ קעגנזייטיקן און ענגן קאָנטאַקט און די קאָמוניקאַציע צווישן דידאַקטיקע פעלקער זאָל ווערן אַזאַ שנעלע, אַז זיי וועלן אין אַ צייט אַרום נישט קענען זיין אַזוי פרעמד צו אייננאַנדער און זייערע באַציונגען זאָלן ליגן אין די גרענעצן פון געשעפט. ס׳וועט דעמאָלט זיין אַן אָרט פאַר אַנ-דערע זאַכן, נישט בלויז פאַר עקספּלואַטאַציע, שווינדל, צוואַנג און קאָנקורענץ.

שוין גאַנץ לאַנג, ווי די קונסט פון אָריענט ציט צו אונ-דזער אויפמערקזאַמקייט מיט אירע אויסטערלישע זאַכן. דער מערב, וואָס וויל אַלץ פאַרשטיין און אַלץ אַסימילירן אין זיין פאַר-צערנדיקן סובסטאַנץ, שטעלט אַוועק אין דער ערשטער ריי, צווישן

זיינע קאָלעקציעס אַ געוויסן מספר יקר-המציאות, וועלכע זיי האָבן דורך פאַרשידענע עצות באַקומען.

אפשר איז דאָ דאָס אָרט צו באַמערקן, אַז די גריכן, וועלכע זענען געווען ספּעציאַליסטן אויפן געביט פון פּראָפּאָרציע און קאָמפּאָזיציע פון פאָרמען, האָבן פאַרנאַכלעסיקט די ראַפּי-נירטקייט אויפן געביט פון מאַטעריע. זיי האָבן זיך באַנוגנט דערמיט, וואָס זיי האָבן געפונען לעבן זיך אונטער דער האַנט און זיי האָבן נישט אויסגעזוכט דאָס, וואָס איז צאַרטער, דאָס וואָס שטעלט אָפּ אומענדלעך די געפילן און ענדערט די אינ-טראָדוקציע פון געדאַנקען. דער הימלישער אימפּעריע האָבן מיר צו פאַרדאַנקען די פּרעכטיקע דערפינדונג פון זייד, פּאָר-צעלייען, עמאַל, פּאַפּיר און אַנדערע זאַכן, וועלכע מיר האָבן פאַראייגנט, ווייל צום גליק האָבן זיי זיך שטאַרק צוגעפּאַסט צו די געשמאַקן פון דער וועלטלעכער ציוויליזאַציע.

אָבער ס'איז נאָך ווייניק בלויז אויסצונוצן די טאַלענטן פון אַ פרעמדער ראַסע, און פאַרגעטערן די ליאַקיר-זאַכן, העלפאַנדביין-אויסאַרבעטונגען, בראָנז און נירנשטיינער, וועלכע זיי האָבן פּראָדוצירט. ס'איז דאָ אַ טייערערע זאַך, פון וועלכע דידאָזיקע מייסטערווערק זענען בלויז דעמאָנסטראַציעס, צאַצקעס רעליקוועס: ס'איז דאָס לעבן.

דער ה' שענג, ווענענס בוך איך דערלוי בזיך פּאָרצושטעלן און רעקאָמענדירן דעםברייטן עולם, האָט די כוונה איינצו-פלאַנצן אין אונדז ליבע צו דעם אַלעם, וואָס מיר האָבן אַזוי לאַנג איגנאָרירט, פיינט געהאַט און אָפּגעשפּאָט מיט אַ נאַיווער זיכערקייט.

דערדאָזיקער געלערנטער, אַ זון פון געלערנטע, וואָס שטאַמט אָפּ פון אַן אוראַלטער משפחה, צווישן וועלכער ס'גע-פינט זיך דער חשובער און באַרימטער ליאַאָ-דסע, איז געקו-מען צו אונדז זיך לערנען נאַטור-וויסנשאַפט. וואָס זאָג איך!... די וויסנשאַפט פון לעבן, דאָס הייסט — דאָס ערשטע פּראָבלעם פון לעבן „פאַרדינען אויף לעבן".

קוקט, וואָסערע לעקציעס האָט שוין באַקומען, וואָסערע דערפאַרונגען האָט שוין דורכגעמאַכט דער 29 יעריקער אַזיאַט.

אָט דאָס איז אַ קיצור פון זיין לעבנס-וועג, געשילדערט דורך אים אַליין:

בעת די רעוואָלוציע האָט אויסגעבראָכן, בין איך געווען אַ תּלמיד ביי די אַמעריקאַנער מיסיאָנערן אין נאַנקין. אַנטלאָפן קיין שאַנכאַי, בין איך דאָרט אָנגעקומען אין אַן אייזנבאַן שולע. ענדלעך, פאַרענדיק איך מיין שטודיום אין אַ יעזואיטישן אוניווערזיטעט „מאָרגנשטערן".

אין 1916 יאָר האָב איך באַקומען אַ שטעלע אויף דער אייזנבאַן פעקין-האַנקאַו.

אין 1919 בין איך געשטאַנען צוזאַמען מיט אַנדערע אין דער שפּיץ פון דער סאָציאַלער-רעוואָלוציע פון 4 מאַי ביזן 3 יוני.

ס'איז געווען אוממעגלעך צו פאַרבלייבן אונטער דער טאָג-טעגלעכער דראָונג פון די אייזנבאַן-באַאַמטע. איך האָב געמוזט פאַרלאָזן מיין פּאָסטן פון אַן אָבער-קאָנדוקטאָר און אָפּזאָגן זיך אַלס פאָרזיצער פון באַן-אַרבעטער סינדיקאַט, פון דער פעדעראַציע פון די אַרבעטער, סוחרים און סטודענטן-סינדיקאַטן אין טשאַן-סין-טיען.

אָנקומענדיק קיין שאַנכאַי, בין איך דורך די צפון-אַרבעטער פון כינע דעלעגירט געוואָרן אין דער פּאַן-כינעזישער פּאַרייניקונג. איך האָב געפילט, אַז איך וועל נישט קענען דערפילן מיין אויפגאַבע. איך האָב זיך אָנגעגעבן אין דעמיסיע און אַוועקגעפאָרן דעם 22 אָקטאָבער 1919.

איך בין אָנגעקומען קיין ענגלאַנד.

איך בין אָנגעקומען קיין פראַנקרייך.

זייענדיק אַ מיטגליד פון דער פראַנצויזיש-כינעזישער בילדונגס-געזעלשאַפט און אַן אָנהענגער פונם פּרינציפּ „געלערנטער אַרבעטער", האָב איך געאַרבעט אין פּאַריז אין דישיראָנס

פאַבריק, ווו מען אַרבעט אויס עבן-האָלץ. נאָכדעם בין איך אַוועק אין ראָנסאַרדס קאַנטאָן, אין וואַנדאָמער ליצעום.

ווידער אין אַ פאַבריק. איך האָב געמוזט פאַרדינען געלט, כּדי צו קעמפן קעגן הונגער און קעלט.

ווידער אין שולע! איך בין אַוועקגעפאָרן אין מאָנפּעליע און אין 1920 יאָר אַריינגעטראָטן אין דער נאַציאָנאַלער שולע פון אַגריקולטור.

ווידער אין אַ פאַבריק; איצט אין די זייד-פאַבריקן אויף די פּירענעען, אין סעווען, אין די אַלפּן.

ווידער אין אַ שולע.

ווידער אין אַ פאַבריק, ווו מען וועבט און שפּינט זייד.

נאָכדעם בין איך געווען אין דער ראָל פון אַן אַדוואָקאַט אין דער נאַציאָנאַלער אַגריקולטור-שולע.

ווידער אין אַ פאַבריק, אין איטאַליע.

ווידער אין אַ שולע, אין באַקאַלאָגישן אינסטיטוט, אין פּאַדואַ.

נאָכדעם, קומענדיק קיין פראַנקרייך, בין איך אַוועק קיין מאָנפּעליע און אָנגעהייבן שטודירן נאַטור-געשיכטע. אין 1924 בין איך געוואָרן אַ לעצענזיאָנאַט פון וויסנשאַפט; נאָכדעם האָב איך זיך אָנגעהייבן צוצוגרייטן אין וויסנשאַפטס-פאַקולטעט אויף אַ דיפּלאָם פון העכערער בילדונג. איך בין צוגענומען געוואָר מיט דער בעסטער אויסצייכענונג. און אָט בין איך געוואָרן אַ אָנפירער פון קורסן אין פּאַריז.

דערדאָזיקער דרייסטער שענג-טשענג האָט אָנגעשריבן זיין ווערק אויף פראַנצויזיש.

ער וויל דערפירן דערצו, מיר זאָלן אַריינדרינגען אין דער לעבעדיקער תּהום-טיפקייט, ווו ס'ווימלען חמרים מענטשן, וועלכע מיר קענען ביז איצט אויף אַזויפיל, אויף וויפל ס'דער-ציילן אונדז די באַאָבאַכטער, ענלעך צו אונדז.

דער אויבנדערמאָנטער אויטאָר האָט אַן אייגנאַרטיקע אַמ-ביציע. ער וויל רירן אונדזערע הערצער. דער שרייבער

אַרימט זיך, אַז נישט בלויז די אויסערלעכע זייט פון כינע וועט ער אונדז באַלויכטן, נאָר ער וועט אויך אין אונ״ז אַרויסרופן זאַן אינטערעס צו דער אינטימער זייט פון כינע. ער גיסט אין ביין ווערק אַריין אַ צאַרטע אינערלעכע ליכט, און דורך דער דורכזיכטיקייט פון דעמדאָזיקן ליכט גיט ער אונדז די מעגלעכקייט צו באַטראַכטן דעם גאַנצן אָרגאַניזם פון דער כינעזישער פאַמיליע; ער באַוויזט אונדז די מנהגים, מידות, דערהייבענע און עלנדע מאָמענטן, די אינטימע סטרוקטור, דעם אָנסופיקן כּוח פון צוזווקס.

שענג האָט זיך דערצו גענומען אויף זייער אַן אָריגינעלן, דעליקאַטן און געשיקטן אופן. ער האָט אויסגעקליבן זיין אייגענע מאַמע אַלס הויפּט-פּערזאָן. צי זי דערציילט אַ טרויעריקע געשיכטע פון אירע איבערגעלעבטע יסורים, צופאַלן פון איר לעבן אין איר אייגן הויז, צי זי פאַרציילט אירע קינדער פּרעכטיקע מעשהלעך, ריין און מיטטיש, ווי געוויסע אור-אַלטע לעגענדעס, צי זי גיט אונדז איבער אירע איינדרוקן וועגן פּאָליטישע געשעענישן — ס׳איז אַ תּענוג זי אויסצוהאָרכן.

אויסקלייבן זייער אַ צאַרטע און אַ זייער געליבטע מאַמע, כּדי צו שילדערן זיין ראַסע פאַרן מענטשלעכן מין, איז אַזאַ אויסערגעוויינלעכער און אַזאַ ריכטיקער געדאַנק, אַז דאָס באַצויבערט און צעחושט גלייכצייטיק.

זאָל איך אַרויסזאָגן מיין גאַנצן מיינונג?

ווען דער מחבר וואָלט אונדז בעסער געקענט, צי וואָלט אים אַריין אין קאָפּ אַ רעיון אַרויסצורופן דעם נאָמען און דאָס וועזן פון זיין מאַמען, צי וואָלט ער גאָר געטראַכט אַריינפלאַנצן אין אונדז די אוניווערסעלע ליבע אַ דאַנק מוטערלעכער צאַרטקייט? איך קען זיך נישט פאָרשטעלן קיין מערב-מענטש, וועלכער וואָלט זיך געווענדעט צו די כינעזער מיט מער דערהויבענע סענטימענטן.

מען דאַרף זיך דערויף פאַרטראַכטן. דאָסדאָזיקע בוך דערמאָנט מיט אירע געדאַנקען אייראָפּע, אירע זיטן, אירע גלויבנס,

אירע געזעצן, הויפּטזעכלעך איר פּאָליטיק. דאָ, פּונקט ווי דאָרט, ליידט יעדע רגע פון דער פאַרגאַנגענהייט אָדער פון דער צו־קונפט. ס׳איז גאַנץ קלאָר, אַז די טראַדיציע און דער פּראַגרעס זענען צוויי גרויסע שונאים פונם מענטשלעכן מין.

פּ אָ ל  ו אַ ל ע ר י,

פון דער פראנצויזישער אקאדעמיע

# פון מחבר

פאַרייניקונג.

יאָ, פאַרייניקונג פון מזרח און מערב ציוויליזאַציעס.

ספּעציעל די כינעזישע און אייראָפּייאישע ציוויליזאַציעס.

איך בין אַן אייראָפּעאיזירטער כינעזער אַן אָקצידענטאַ-ליזירטער אָריענטאַלער.

אָבער איך בין קעגן אַ בלינדער און איבערטריבענער באַמאַכונג פון אייראָפּע.

אויף קיין פאַל פאַרטיידיק איך נישט די פאַרפוילטקייט פון דער אָריענטאַלער טראַדיציע.

איך וויל, אַז די אייראָפּייאישע קולטור זאָל פאַרוואַנדלט ווערן אין אַן אָרגאַנישן עלעמענט פון אָריענטאַלן לעבן.

איך וויל, אַז דער אָריענטאַלער גייסט, וועלכער באַפּעס-טיקט זיך דורך דער מערב-קולטור, זאָל פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ הויפּט-עלעמענט פון אייראָפּייאישן לעבן.

מיין ציל איז: די גוטע קערנער זאָלן זיך פאַרייניקן און די פּלעוועס פון דער גרויסער מענטשלעכער משפּחה זאָלן פאַרשווונדן ווערן.

אַזאַ פאַרייניקונג קען פאָרקומען דורך אינטימער צוזאַ-מענגיסונג.

ביז איצט האָבן די אייראָפּייער זייער שלעכט געקענט כינע.

און די כינעזער פאַרשטייען נישט די אייראָפּייער.

זיי קענען זיך אויבערפלעכלעך.

„דער מענטש איז בלינד אויף איין אויג״, האָט געזאָגט א גריכישער פילאָזאָף.

דאָסזעלבע איז מיט אַ נאַציע, מיט אַ קאָנטינענט, מיט אַ פאָלק.

ס׳האַנדלט זיך אין אופן, וויאַזוי מען קוקט אויף איינ־אַנדער.

מען דאַרף פאַרשטיין.

כדי צו פאַרשטיין, דאַרף מען באַגרייפן און שטודירן.

מיר קענען זיך נישט פאַרשטעלן קיין אייראָפּייער מיט אַ כינעזישן גייסט.

ווייל זייער האַנדלונג איז פאַרבונדן מיט אַ גאַנצן פּראָ־צעס, צו וועלכן זיי זענען צוגעוווינט.

פאַרקערט איז אויך דאָסזעלבע.

אין דער ערשטער סעריע פונם ווערק, וואָס איך האָב באַדעה אַרויסצולאָזן, שטעל איך פאָר מיין מאַמען.

פאַר מיר איז זי אַן אויסטערלישער טיפּ פון אָריענט.

אַרום איר זענען דאָ פאַרשידענע אַנדערע טיפּן.

אינם צווייטן באַנד: „מיין מאַמע און איך״, וועל איך הויפּטזעכלעך באַשרייבן טיפּן פון דער רעוואָלוציע, אַקטועלע טיפּן, טיפּן, וואָס זענען שלעכט אייראָפּייאיזירט און דעם פּועל־יוצא פון דער סינטעזע פון צוויי שלעכטסן.

אין די ביידע בענדער, טו איך אַלץ וואָס איך קען, כדי אַרויסצווייזן דאָס כינעזישע געשטאַלט, אַזוי ווי עס איז, פון אַלע שטאַנדפּונקטן גענומען. איך וויל עס נישט באַפּוצן און נישט מיאוסער מאַכן.

אינם דריטן באַנד: „מיין אָדיסעע אין אייראָפּע״, וועל איך ווערן אַ פּאָרטרעטיסט. איך וועל שילדערן כסדר די מזרח־מענטשן אויפן מערב, און די מערב־מענטשן אַליין אויסער די גרענעצן פון זייערע ישובים און זייערע שטעט, אין אַלע זייערע סאָציאַל מדרגות.

איך וועל זיך באַמיען צו זיין אַן אייראָפּייער, כדי צו שילדערן מיינע סיוזשעטן אין זייערע ראַמען.

אין מיינע לעצטע בענדער, וועל איך ריידן וועגן די מעלות און חסרונות פון דער גאַנצער מענטשהייט. איך וועל אויך ריידן וועגן די איינזייטיקע מעלות און חסרונות און, הויפּט־זעכלעך, אויפן ראַציאָנעלסטן אופן, וויאַזוי צו פאַרייניקן דאָס גוטע און פּטור ווערן פון דאָס שלעכטע.

איך באַשרייב נישט דאָס לעבן פון די אַמאָליקע חכמים, נישט די מעטאַפיזישע פילאָזאָפיע פון אָריענט אָדער פון אָקצי־דענט. איך שילדער לעבעדיקע מענטשן, פון מיין דור, וועלכע איך האָב געזען, באַקוקט, באַטראַכט און אויסגעפאָרשט; וועלכע איך האָב געהערט, אויסגעהאָרכט, אויסגעטיילט און אָפּגעשאַצט. ס׳איז אַ לעבעדיקע פאַרייניקונג.

ס׳איז אַן אָקצידענטאַלער אַנאַליז פונם לעבן אין אַלע ריכ־טונגען.

ס׳איז אַן אָריענטאַלישע סינטעזע מיט איר גאַנצן אַנסאַמבל פון רוים און צייט.

איך בעט מחילה ביים פראַנצויזישן און אייראָפּייאישן פּובליקום, פאַר מיין סטיל, וועלכער איז אָפּטמאָל נישט אַזוי קאָרעקט.

איך וויל קודם־כל זיין פּשוט, קלאָר, און ס׳זאָלן מיך פאַרשטיין אַפילו קינדער, מיינע פריינט פון אַלגעמיינער האַ־פּענונג.

שענג טשענג

פּאַריז, סעפּטעמבער 1927.

# קאַפּיטל איינס

### דער טויט פון איר מאַמען. — וויאַזוי אירע פיס זענען געוואָרן קליין ווי אַ פּאָר גאָלדענע „ליליעס".

איינמאָל אין אַ זומער־אָוונט, צווישן די לייכטע ריחות פון באַלזאַמין־בלומען און שיינע פּילפּאַרביקע האָן־קאַם בלומען, אויף אַ באַמבוסאָוון דיוואַן, זענען מיר אַלע געזעסן און גע־עטעמט די פרישע לופט.

מיר: מיין עלטערע שוועסטער, אַ טויב־שטומע; מיין על־טערער ברודער ליען, מיין קליין ברודערל אואַד, מיין מאַמע און איך.

פאַר אונדז פיר, האָט מיין מאַמע דערציילט איר קינדהייט.

„מיין טאַטע, האָט זי אונדז דערציילט, האָט ס׳ערשטע מאָל חתונה געהאַט צו איינאונצוואַנציק יאָר, מיט דער עלטע־רער טאָכטער פון דער משפחה לי.

„לי, אַ נאָמען פון גרויסן פּילאָזאָף לאַאָטסע; לי איז אויך אַ נאָמען פון אַ באַרנעבוים; די לעגענדע דערציילט, אַז לי איז געבוירן געוואָרן אונטער אַ באַרנעבוים און פון אים האָט ער גענומען דעם נאָמען.

„מיין מאַמע לי האָט אין צוויי יאָר אַרום נאָך דער חתונה געשאָנקען מיין טאַטן, סעוטסען־קאָ, אַ זון, וועלכער האָט געלעבט בלויז דריי חדשים.

„איך בין געבוירן געוואָרן אין צוויי יאָר אַרום נאָך מיין ברודער, דעם ערשטן טאָג פון צוועלפטן חודש, אויפן ניינטן יאָר, זינט טאָנג-טשי האָט אָנגעפירט מיט דער רעגירונג.

(אין 1870 יאָר, כדי לייכטער צו מאַכן דעם לעזער פאַר-בייט איך די כינעזישע דאַטע אויף דער קריסטלעכער).

„די טאַיפינגס האָט מען פולשטענדיק געפּענטעט, און די גרויסע מלוכות זענען אַרויף אויף דער סצענע אין גרויסן טעאַטער; מיין געבורטס-יאָר איז באַצייכנט געוואָרן מיטן מאָרד פון טיען-טסיען.

„איך בין געבוירן געוואָרן אַ מיידל. זיי, די מיידלעך האָבן נישט אַזאַ ווערט ווי די יינגלעך.

„דאָס איז געווען מיין ערשטער אומגליק.

„מיין טאַטע האָט מיך נישט ליב געהאַט, ווייל איך בין געווען מער נישט ווי אַ מיידל.

„אין פינף יאָר אַרום נאָך מיין געבורט, האָט מיך פאַר-לאָזט מיין מאַמע, וועלכע האָט מיך געליבט.

„אין 1875 יאָר, איז לי געפערלעך קראַנק געוואָרן. איך האָב זיך די גאַנצע צייט געפונען לעבן איר. איך האָב איר דערלאַנגט די קלאָרע רייז-קאַשע, זופּן און געטראַנקען.

„בעת מיין מאַמע האָט געהאַלטן ביים אויסהויכן איר לעצטן אָטעם, האָט זי אָנגענומען מיין רעכטע האַנט און זי אַריינגעטאָן אין אירע.

„אַרויסלאָזנדיק אַן „אָך”, האָט זי דערמיט געמיינט צו זאָגן

„אָרעמע זשוקאָנע, דו וועסט זיין ווי איך!”

„זי איז געשטאָרבן.

„אַ פּאַרטרויערטע, האָב איך זיך אָנגעלענט לעבן אַ פוס פונעם פירקאַנטיקן טיש.

„איך האָב געמיינט, אַז מיין מאַמע, אָפּגעמאַטערט פונעם געשפּרעך, האָט געכאַפּט אַ דרעמל.

„מען האָט געוויינט.

„הויפּטזעכלעך מיין באָבע.

„איך האָב געוויינט.

„איך בין צוגעגאַנגען צו מיין מאַמעס בעט, איך האָב געגלעט איר האַנט צו וועלכער איך האָב זיך טאָג-טעגלעך צוגערירט, ווען איך האָב זי געוואָלט אויפוועקן און שמועסן מיט איר.

„זי איז געווען אומבאַוועגלעך און קאַלט. דידאַזיקע פאַרפרוירענע האַנט האָט אויף מיר אַ שרעק אָנגעוואָרפן.

„איך האָב זיך צוריקגעצויגן צום טיש, צו מיין אייניקן אָנלען.

„איך האָב געווייגט.

„אין עטלעכע רגעס שפּעטער, האָט מען מער נישט געוויינט.

„אַרום דער טויטער איז פּלוצלונג שטיל געוואָרן.

„איך האָב צו זיך געזאָגט:

„איך וועל זי אויפוועקן!"

„איך בין ווידער צוגעקומען צום בעט, וו מיין מאַמע האָט אויף אייביק צוגעמאַכט אירע אויגן, אירע אויערן, איר מויל און איר געדאַנק.

„איך האָב צו איר שטיל געזאָגט:

„מאַמע, די קלאָרע רייז-קאַשע איז פאַרטיק! דו קענסט זיך אויפכאַפּן פונם שלאָף. דו קענסט זיך אויפכאַפּן, מיין מאַמע.

„גאָרנישט, קיין שום תשובה.

„איך האָב זיך געחידושט וואָס מיין מאַמע איז פאַרזונקען געוואָרן אין אַזאַ טיפן שלאָף. איך האָב ווידער זיך צוגערירט צו איר לינקער האַנט.

„איך האָב אויסגערופן:

„ווי קאַלט זי איז!"

„ריר זיך נישט צו צו איר, זשוקאָנע!" האָט צו מיר געזאָגט אונדזער דינסט.

„זי האָט געוואַכט לעבן מת.

„איך האָב נישט געוווסט, צי זי האָט געלאַכט, צי געוויינט.

„זי האָט אַ קוק געטאָן אויף מיר.

„ענדלעך איז אַ וואָרט אַרויסגעפאַלן פון אירע ליפּן:
„זי איז טויט, דיין מאַמע!״
„יאָ, זי איז טויט!... יאָ, זי איז טויט!... מיין מאַמע!...״
„צוקומענדיק צוריק צום פוס פונם טיש, צו מיין אָנלען, האָב איך אומבאַוווסטזיניק איבערגעחזרט דידאָזיקע פראַזע:
„זי איז טויט!...״
„איך האָב זיך פאַרטראַכט:
„וואָס איז עס אַזוינס טויט?״

„די דינסט האָט געוויינט; די באָבע איז צוריקגעקומען און אויך געוויינט. איך האָב נאָיוו געוויינט.
„אויפצומאָרגנס אינדערפרי האָט מען מיין מאַמען איינגעהילט אין תּכריכים.
„דידאָזיקע אכזריותדיקע מענטשן האָבן געמאַכט ד׳עם איינדרוק, גלייך זיי וואָלטן געגאַנגען איינשלינגען דעם מת.
„איך האָב צו זיי אַ געשריי געטאָן:
„גוטע מלאכים, לאָזט איבער מיין מאַמען אין בעט, זי וועט אויסגעהיילט ווערן, האָט רחמנות!״
„מיין באָנע האָט מיך איינגעהאַלטן אין אירע אָרעמס.
„מען האָט מיך מער נישט געלאָזט אַליין גיין אויף דער פריי.
„מיר זענען צוגעקומען אַ קוק טאָן אויפן מת.
„ס׳איז געווען אַ „זיי געזונט״ דער טויטער!
„איך זע ווידער מיין אָרעמע מאַמע.
„איך האָב געטראָגן דעם טרויער.
„מיין קלייד איז געווען ווייס. ס׳האָט געשנייט.
„אויף מיין קליין קעפּעלע איז געווען אַ לייוונטענע מיטרע, פון וועלכער ס׳זענען אַראָפּגעהאָנגען זיבן קניפּן און פאַרשטעלט מיין קליין פּנים, באַגאָסן מיט טרערן.
„דריי מאָל האָט מען מיך אַרומגעדרייט אַרום דער טויטער. די טרויער-מוזיק האָט מיך באַגלייט.
„די טרומנע האָט מיך אָפּגעטיילט פון מיין מאַמען.

„נאָך „שבעה״ דאָס הייסט נאָך ניינאונפערציק טעג, האָט מען באַגראָבן מיין מאַמען.

„די ערד האָט מיך אָפּגעטיילט פון מיין מאַמעס טרומנע.

„דער אומגליק האָט געוואָלט איך זאָל זיין אַ פרוי, גע־בוירן אין אַ בורזשואַזער פאַמיליע. מען האָט אָנגעהויבן צו פאַרקריפּלען מיינע פיס.

(אונדזערע פויערטעס האָבן נאַטירלעכע פיס, הויפּטזעכ־לעך אין אונדזער געגנט).

„ווייל די טראַדיציע פאָדערט עס. אָך בייזע, אכזריותדיקע טראַדיציע! ס'אַרא שווערע משאות אויף אונדזערע פיס!

„טאָג און נאַכט האָב איך געוויינט.

„איך האָב נישט געשפּרונגען און מער נישט געלאָפן.

„זיצנדיק, האָב איך פאַרגעטערט דאָס לעבן פון די יינג־לעך, מקנא געווען אונדזערע פויערטעס און געוויינט.

„בייטאָג האָב איך זיך אָנגעלענט אויף אַ גרויסן שטעקן און געשפּרייזט.

„דערזעלבער שטעקן לעבן מיין טאַטנס בעט, האָט מיך ביינאַכט באַשטראָפט, ווען איך האָב מיט קרעכצן באַאומרויקט מיין טאַטנס שלאָף.

„יעדן פרימאָרגן, לויטן באַפעל פון באַלעבאָס, האָט די־דינסט באַזוכט מיינע ביידע פיס.

„די באַנדאַזשן נעמט מען נישט אַראָפּ פון מיינע פיס.

„זיי זענען רויט און ווייס!

„דאָך נעמט מען זיי אַראָפּ.

„מען וואַשט מיינע פיס מיט הייס וואַסער.

„ווען פריש בלוט פליסט, באַגיסט מען עס מיט זויער־שטאָף.

„אַן אויסערגעוויינלעכער ווייטיק! איך האָב זיך צוגעקוקט ווי די יינגלעך לאַכן אַרום מיר.

„טיילמאָל האָט מיין טאַטע געשריגן:

„פלאַקסע!״

„טײַלמאָל האָט ער מיך געטרייסט:
„דו װעסט האָבן אַ שײנעם מאַן!"
„נישט לאַנג װאַרטנדיק, האָב איך, קעגן מײַן װילן, װי־דער געװײנט.
„נישט לאַנג װאַרטנדיק, האָט מען װידער אַרומגעװיקלט מײַנע פיס מיט נײַע באַנדאַזשן.
„נישט לאַנג װאַרטנדיק, האָט די נאָגעניש װידער געטאָן אירע מעשים, די זװיערשטאָף האָט אינעװײניק געמאַכט אירע בעמישע איבונגען.
„װאָס מער מען האָט געביטן מײַנע באַנדאַזשן, אַלץ מער האָט מען געקװעטשט מײַנע פיס.
„ענדלעך, אײנמאָל שקיעה־צײַט, האָט מען אױפגעלײגט אין אַ באַרג די אָפּגענוצטע באַנדאַזשן, און מײַנע פאַרשענערטע פיס זענען פאַרװאַנדלט געװאָרן אין אַ פּאָר „גאָלדענע ליליעס".

„דרײַ יאָר.
„אינם משך פון דידאָזיקע לאַנגע יסורים, זענען מײַנע פיס געװאָרן העכער פון מײַן קאָפּ. אויף אַזאַ אופן האָב איך בײַנאַכט אױפגעהערט צו קרעכצן, װײַל די בלוט־צירקולאַציע פון דער „פלאַקסע" איז איבערגעריסן געװאָרן.
„בײַטאָג האָב איך מורא געהאַט פאַר דער װעלט.
„איך פלעג זיך פאַרבאַהאַלטן אין אַ װינקעלע פון גאָרטן, אָפטמאָל הינטער די בלומען, װעלכע זענען אויך געװען צע־קריפּלט פון דער נאַטור, און נעמען מײַנע בײדע פיס אין די הענט אַרײַן.
„װי קלײן זײ זענען! בעת אַמאָל זענען זײ געװען אַזױ גרויס װי זײערע שװעסטער: מײַנע הענט.
„מײַנע הענט האָבן געגלעט מײַנע פיס, װי שװעסטער װאָס האַלדזן זײערע ברידער, װעלכע זענען געװאָרן פאַרװוּנ־דעט און צעקאַלעטשעט אין אַ מלחמה.
„מורא האָבנדיק, מען זאָל מיך נישט קומען זען, האָב איך גע־קוקט אויף די אַראָפּגעפאַלענע בלומען, די קרבנות פון דער נאַטור.

„אויף אַזאַ אופן האָב איך זיך או סגעלערנט ווײנען אין דער שטיל!

„דער טויט פון מײן מאַמען האָט מיר נישט פאַרשאַפן אַזויפיל ווײטיק און יסורים.

„אַ פּאָר גאָלדענע ליליעס זײט בײ זײט מיט אַ רויטן באַרג באַנדאַזשן און ווײסלעכע עצמות!

„די טראַדיציע האָט אַזוי געוואָלט.

„זי האָט אַזוי געוואָלט דורך רוים און צײט.

„דער גאָרסעט און די באַנדאַזשן זענען אײן און דיזעלבע זאַך. אָט די בײדע זאַכן איז דער בײזער סימבאָל פון דער מזרח און פון דער מערב־טראַדיציע.

---

# קאַפּיטל צוויי

### די משפּחה לי. — די צווייטע חתונה פון איר טאַטן. — דער טויט פון איר באָבע לי.

מיין מוטער האָט אונדז ליב געהאַט אָפּט צו דערציילן, וועגן דער צייט, וואָס זי פלעגט פאַרברענגען לעבן דער באָבען פון איר מאַמעס צד.

דאָס איז געווען איר טרייסט-אָרט, ווו זי האָט געקענט פריי אויסגיסן אירע טרערן.

אין אַ געוויסן טאָג, איידער די פּיוואָניעס האָבן אָנגעהייבן צו בליען, אונטער אַן אַבריקאָסן-בוים, וועמענס געדיכטע בלעטער פאַרשטעלן טיילוויז די פּאַגאָדע, אונדזער אַלטע שכנ-אין דעמדאָזיקן קליינעם גאָרטן, זיצט ביי זיין מיטן שטו-דיום-זאַל, ווו דער באַנאַנען-בוים הערט נישט אויף צו בליען פאַר אונדזערע אויגן, — האָט מיין מאַמע גערעדט וועגן דער פאַמיליע לי:

„אין דער פאַמיליע לי הערשט מנוחה.

„קיינמאָל איילט מען זיך נישט ביי זיי. מען איז רויק. אַלץ ווערט געטאָן מיט אויסרעכענונג.

„דער קולט פון די אבות איז דאָרט פאַרנאַכלעסיקט. פאַרזאַמלונגען, קאָנצערטן קומען דאָרט פאָר זייער אָפּט. פון צייט צו צייט מאַכט מען דאָרט באַנקעטן. מען לעבט דאָרט אין קאָמפאָרט.

„דאָרט האָב איך געפונען לאַסקעס, צאַרטקייט, לעבן און פרייד, דאָרט האָב איך באַגעגנט מיין באָבען, מיין מומען און מיין פעטער. זיי האָבן געלעבט, ווי פילאָזאָפן.

„דאָס פּאַסירט זעלטן אין אונדזער געזעלשאַפט.

„קומענדיק אַהין פלעג איך יעדעס מאָל געפינען פרייד, לעבן און האָפענונג, וואָס איך האָב דאָרט איבערגעלאָזט.

„פרייהייט הערשט ביי די קינדער פון די לאַאָטסעס.

„מיין טאַטע האָט ווידער חתונה געהאַט אין פעברואַר 1877.

„די זכרונות וועגן מיין מאַמע לי איז אָפּגעקילט געוואָרן אין האַרץ פון מיין טאַטן.

ער האָט חתונה געהאַט מיט אַ מיידל פון אַ רייכן סוחר, וואָס האָט אייגענע שיפן, מיטן נאָמען טאָנג.

„מיר זענען זיך ביידע קעגנזייטיק געפעלן געוואָרן. מיר האָבן זיך ביידע געליבט.

„מיין מאַמע טאָנג, אַזוי האָב איך זי אָנגערופן, האָט זיך שלעכט אַקלימאַטיזירט אין אונדזער לאַנד, וווּ זי איז געווען אַ פרעמדע.

„עטוואָס שפּעטער, נאָך איר חתונה איז זי קראַנק געוואָרן. איך האָב זי מער נישט פאַרלאָזט.

„זי האָט נישט געוואָלט, איך זאָל זיך אָנזופן מיט דער שלעכטער לופט פון איר צימער.

„יעדעס מאָל, ווען זי פלעגט איינשלאָפן, פלעג איך שטיל אַריינגיין און נישט אָפּטרעטן פון איר.

„טאָנגס געזונט האָט זיך פאַרערגערט.

„דעמאָלט האָב איך שוין געהאַט אַ באַגריף פון ווייטיק און ליידן.

„איך האָב געוויינט אינדערשטיל.

„ענדלעך האָט דער טויט באַפרייט טאָנגן פון אירע יסורים.

„איך האָב איצט פאַרשטאַנען דעם חילוק צווישן קאָנווענציאָנעלע ליידן און אמתע יסורים.

„די טויטע ווערן איינגעהילט אין תכריכים און מען באַגראָבט זיי ט י ף...

ט י ף... ט י ף...

„ט י ף האָב איך געקענט מיין מאַמע טאָנג.

„ט י ף האָב איך דעמאָלט דערקענט דעם טויט.

„בירגער האָבן חתונה זייער שנעל! און פרויען זענען געבוירן, כדי צו שטיין אויף דער דינסט ביי מענער.

„ס'איז אָנגעקומען מיין צווייטע שטיף-מאַמע אואַנג, א טאָכטער פון אַ זאַלץ-סוחר.

„זי איז געווען אַן אמתע שטיף-מאַמע.

„און איך, איר צוועלף-יעריקע שטיף-טאָכטער.

„צווישן אונדז האָט עקזיסטירט דאָס געזעץ: אויס ליבע.

„אַליין אומוויסנד, האָט זי גאָרנישט געטראַכט מיר צו געבן בילדונג. אויך מיין טאַטע האָט דערפון נישט געטראַכט.

„אויס פרינציפּ, האָט ער זיך קיינמאָל נישט פאַר-נומען מיט זיינע טעכטער. פאַר אים איז עס געווען אַן איבע-ריקע זאַך!

„די אומוויסנקייט פון פרויען, דאָס איז זייער חכמה.

„איך האָב אַריינגעלייגט מיין לעבן אין דער מלאכה פון נייען.

„אינם שויס פון דער משפחה לי און דער משפחה קאָ האָב איך פאַרבראַכט מיין קינדהייט. פון איין זייט איז געווען אַ גן-עדן, פון דער צווייטער זייט — אַ גיהנום.

„מיין באָבע, די לעבנס-לוסטיקע געטין פון דעמדאָזיקן גן עדן, האָט זיך אָוועקגעפּעקלט אויף שטענדיק.

„די נשמה פון מיין טרייסט איז פאַרשוווּנדן געוואָרן.

„פון טרויער צו טרויער. האָב איך בעסער דערקענט דעם טויט.

„מיין טאַטע פלעגט תמיד וויינען און קלאָגן; וואָס ער האָט טעכטער.

„מיין שטיף-מאַמע אואַנג האָט געבוירן אַ פערטע.

„פאַרדאַגהט, וואָס זיין פאַמיליע גייט אונטער, איז מיין
טאַטע אַרויס פון געדולד.
„מיין טאַטע האָט אונדז קיינמאָל נישט אָנגעקוקט מיט
אַזאַ פיינטלעכן בליק, ווי איצט.
„אוּאַנג האָט פאַרטיידיקט אירע טעכטער.
„איך האָב געהאַלדזט מיינע ליידן.
„איך האָב זיך געווענדעט מיט אַ מענטשלעך געבעט:
„גאָט! גיב מיר אַ גוטן מאַן!"

---

# קאַפּיטל דריי

## מיין מאַמעס יוגנט. — איר חתונה.

ס'איז פאַרגעקומען אַ הזכרה נאָך מיין אָרעמען טאַטן. מיין מאַמע האָט מיט געוויין אונדז דערציילט וועגן איר יוגנט און וועגן איר חתונה:

„מיין תפילה איז אָנגענומען געוואָרן.
„דאָס שפּריכוואָרט האָט רעכט:
„דער הימל פאַרראַט קיינמאָל נישט קיין עלנדע".
„דער הימל האָט מיר געגעבן אַ מאַן:
„דיין טאַטן.
„ווען איך בין געווען אַ יונג מיידל, האָב איך זייער קנאַפּ גערעדט.
„ווייל שווייגן איז איינע פון די פיר מעלות.
„אָבער מען האָט גערעדט וועגן מיר, ייעגן מיין פיגור, וועגן מיין פאַרשטאַנד, וועגן מיינע פעיקייטן אין די ענינים פון הויזווירטשאַפט אין וועגן מיין שווייגן.
„קיינער האָט נישט גערעדט וועגן מיינע ליידן.
„מען האָט גערעדט וועגן מיין חתונה.
„ס'זענען אַרויסגערוקט געוואָרן דריי באַדינגונגען:
„אַ רייכע משפחה,
„געלערנטע אבות,
„אַ יונגערמאַן, אַ בחור.

„לויט מיין טאַטנס השגות, דאַרף די משפחה פון מיין צוקונפטיקן מאַן זיין רייכער פון זיינער.

„אויב איינע פון דידאָזיקע דריי זאַכן וועט פעלן, און די חתונה וועט פאָרקומען, וועט עס זיין אַ פלעק פאַר די ערשטע קאָ-אבות.

„בעת מען איז געקומען צו אונדז ריידן וועגן מיין חתונה, בין איך שנעל אַנטלאָפן אין מיין צימער און זיך גע-לייגט אויפן בעט.

„דאָס האָט מיר נישט געדאַרפט אָנגיין.

„דאָס האָט געדאַרפט זיין מיין טאַטנס דאגה.

„איך האָב זיך געשראָקן, מיינע באַקאַנטע זאָלן פון מיר נישט לאַכן.

„מיט אַ רויטל האָב איך אָנגעטאָן מיין חופה-קלייד.

„דאָס רויטע חופה-קלייד, איז פונקט אַזוי רויט, ווי מיין פנים!

„מיין טאַטע האָט זיך באַשעפטיקט מיט מיין חתונה.

„מען האָט געקענט מיינען, אַז ער וועט גיין ווינען אין מיין צוקונפטיקן הויז.

„איך בין געווען אַ מיידל און איך האָב געוואַרט אויף דער חתונה, כדי צו ווערן אַ ווייב.

„אונטערן נאָמען ווייב, האָט מען אפשר מער פרייהייט!

„איך האָב זיך באַקענט מיט אייער טאַטן, יוען-לין-שענג, אַן עלעגאַנטער יונגערמאַן, אַן אַקאַדעמיקער צו פופצן יאָר.

„איך מוז מודה זיין: מירביידע יוען-לין און איך האָבן זיך געליבט.

„יוען-לין האָט אויסגענומען אין דער ליטעראַרישער וועלט, איז געווען אינטעליגענט, האָט געהאַט אַן אונטערנעמונגס-קראַפט, דרייסט און געבילדעט.

„צווישן די אַקאַדעמיקער, איז ער געווען איינער פון ערשטע.

„איך האָב אים ליב געהאַט.

„מיר האָבן חתונה געהאַט.

„איך האָב זיך נישט אָפּגענאַרט. יוען-לין האָט מיך אויך ליב געהאַט.

„מיין נדן איז געווען זייער קליין. איך האָב זיך גע־שראָקן פאַר די פאָרווורפן פון אייער באָבע.

„יעדעס מאָל, ווען מען האָט געכאַפּט אַ שמועס וועגן דעמדאָזיקן ענין, האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אַז איך זיץ אויף שפּילקעס.

„אייער טאַטע האָט געזאָגט:

„איך האָב חתונה מיט צניעות און נישט מיטן נדן".

„דאָס האָט נישט געשטערט אייער באָבען צו מאַכן אונדז אַ קאַלטן קבלת-פּנים.

„זי האָט געזאָגט:

„חתונה מאַכן אַ זון: דאָס הייסט פאַרקויפן אים קיין אויסלאַנד".

„איך האָב דעמאָלט געזאָגט צו יוען-לין:

„באַזוך אָפט דיין מאַמען; זי וויל נישט זאָלסט זיין צו אינטים מיט מיר. די ליבע שוואַכט אָפּ די קינדערישע איבער־געגעבנקייט, באַרעכן זיך!"

„יוען-לין האָט מיר געענטפערט:

„ליידער, מיין טייערע זשוקאָנע! דו קענסט נאָך נישט מיין מאַמען. זי האָט גורם געווען אַ סך ליידן מיין ברודער זשו-לין און זיין ווייב לי. איצט איז אונדזער ריי. מיין עצה: פאַרשטאָפּ דיינע אויערן, און איך וועל זיך אויך מאַכן טויב".

„די שטוב האָט זיך צעטיילט אויף צוויי לאַגערן. פון איין זייט: אייער באָבע, אייער דריטע מאַמע און אייער פערטע מומע, אירע נישט-אויסגעגעבענע טעכטער, איר מומע אָאו, איר פּלימעניצע; פון דער צווייטער זייט: אי ער פעטער זשו-לין, זיין ווייב לי, אייער טאַטע און איך.

„שטיף-מאַמע, שטיף-טעכטער און שוועגערינס.

„פאַר דער „מלכּה און איר סוויטע" זענען מיר באַהאַנדלט געוואָרן ווי פרעמדע אין דער משפּחה.

„אייער באָבע האָט אָנגעפירט מיטן הויז.
„איר גאַנצע סוויטע צוזאַמען מיט איר.
„די מלכּה, איז געווען אונדזער שטיף-מאַמע און אונדזערע שוועגערינס — אונדזערע סיאַ-קוי-דזען, די פּרינצעסינס אָדער קליינע שוויגערלעך.
„די פליאָטקעס אין דער משפחה זענען אַזוי טרויעריק פאַרן שלום, ווי די פליאָטקעס אין דער מלוכה.
„ווען פרויען זענען נישט קיין פרויען, זענען זיי נאָך ערגער פון מענער.
„ס'אַראַ דיפּלאָמאַטיע, ס'אַראַ מעסער וואָס איז פאַרבאָרגן אינעם האָניק!
„ס'איז נישט געווען קיין שלום-בית. ס'איז נישט געווען קיין אויפריכטיקייט, קיין אָפגהרציקייאַט.
„איך האָב דעמאָלט דערגאַנגען, אַז דער גורל פון דער פרוי איז ערגער פונם גורל פון אַ יונג מיידל.
„זייענדיק אַ יונג מיידל, האָב איך געגאָסן פון איינזאַמע, רויקע ליידן און פון דער שטילקייט, מיט דער האָפענונג צו ווערן אַ ווייב.
„ווען איך בין געוואָרן אַ ווייב, האָב איך געמוזט ליידן פאַר צווייען.
„ווען איך האָב געזען וויינען אייער מומע לי, וועלכע איז מיט גרויס זאָרג דערצויגן געוואָרן אונטער איר פאָטערלעכן דאַך און האָט נישט געקענט אַריבערטראָגן די טיראַנישע הערשאַפט פון אייער באָבען, האָב איך געליטן פאַר פיר.
„פון די ליידן און אַלס פרוי.

# קאַפּיטל פיר

## מיין משפּחה.

שענג איז איינער פון די „הונדערט משפּחות".
זי האָט אירע אַרכיוון און איר גענעאַלאָגיע.
זי איז אַן אָפּשטאַם פון „די פעלקער מיט שוואַרצע האָר".
שוואַרצע האָר איז געווען די עטנישע אייגנשאַפט פון ערשטן כינעזישן פאָלק און נישט די געלע קאָליר פון דער ראַסע.

די שענגס שטאַמען נישט אַרויס פון איטשענג, מיין היימיש שטאָט. זיי זענען געקומען פונם וויגל פון דער אַלטער כינע.

דאָס וויגל פון די הונדערט משפּחות איז געווען דער טאָל האָאַנג־האָ אָדער דער געלער טייך. די שענגס שטאַמען אַרויס פון דער פּראָווינץ האָנאַן, „דאָס האַרץ פון דער אַלטער כינע".

דער נאָמען פון מיין פאַמיליע ציט זיך מסתּם פון דער דינאַסטיע טשעאו, אונטער דער הערשאַפט מו־וואַנג (951—1001 פאַר דער קריסטלעכער ערע), איידער לאַאָטסע און קאָנפוציוס זענען געבוירן געוואָרן, די צוויי חכמים פון דער הימלישער אימפּעריע.

דער מלך מו־וואַנג האָט געהאַט עטלעכע ברידער.
איינעם פון זיי האָט מען אַ נאָמען געגעבן פירשט

זשוּנאַן און האָט פאַרמאָגט דאָס גאַנצע פירשטנטום אונטער דעם נאָמען.

פון יענער צייט אָן האָט מען זיין נחלה אָנגערופן: דאָס פירשטנטום שענג.

אין דער פּראָווינץ האָנאַן, אָדער פינקטלעכער, אינם אַלטן פירשטנטום, וואָס הייסט שוין זשוּנאַן, לעבט נאָך ביי היינטיקן טאָג אַ גרויסער שבט פון די שענגס, זינט דורות לאַנג.

שענג באַדייט „בליען", דער נאָמען פונם פירשטנטום; דער אמתער נאָמען איז גאָר געווען קי, אַ נאָמען פון דער קייזערלעכער פאַמיליע פון דער דינאַסטיע טשעו.

די קי'ס זענען די קינדער פון האָאַנג-טי, דער קאָפּ פון די „הונדערט פאַמיליעס" מיט די שוואַרצע האָר.

ווען דאָס פירשטנטום איז אַנעקסירט געוואָרן צום שכנות-דיקן לאַנד פון די וועיען, האָבן די קינדער נישט אויפגעהערט צו טראָגן דעמזעלבן נאָמען.

די אַרכיוון זאָגן אונדז, אַז אונדזער אַכציקסטער אור-זיידע האָט בעת אַ בירגער-קריג פאַרלאָזן זיין היים, זשוּנאַן, און אַוועק אין דער שכנותדיקער פּראָווינץ נגאַי-האָאַי, אונטער דער הערשאַפט פון דריי מלוכות (220—264).

אין יענער עפּאָכע איז איינער פון די מיטגלידער פון אונדזער משפחה געווען גוט באַקאַנט אין די ליטעראַרישע קרייזן.

שענג היאַאָ-טשאַנג איז געווען אַ פּאָעט, אַ סעקרעטאַר אין וועי'ס רעגירונג, פון די דריי מלוכות.

די עמיגראַנטן שענג האָבן צוערשט געוווינט אויף צפון פונם בלויען טייך אָדער יאַנג-טסע-קיאַנג, אין דער געגנט טאַי-הו; נאָכדעם ווען זיי האָבן זיך פאַרגרעסערט אין מספר, האָבן זיי אויסגעוואַנדערט אויף גרעסערע שטחים. פאָרסירנדיק דעם טייך, איז איין מיטגליד פון דער נייער געזעצשאַפט אַוועק צו דער סאָכע און באַזיגט די באַרגיקע געגנט האָאַי-טשעו, וועלכע איז נאָך נישט געווען באַאַרבעט.

זיי זענען געוואָרן פּויערים. זיי האָבן באַגאָסן די ערד מיט זייער שווייס.

דער צו, שטאַרקער מענטשן-צוזווקס, דאָס אייביקע דראָ־ענדיקע פּראָבלעם פון כינעזישן פאָלק, שטופּט דעם כינעזער צו אויסוואַנדערונג. די משפּחה ווערט פאַרגרעסערט, דריקט זיך ווידער צונויף, אָבער זי צעשפּרייט זיך נישט.

דאָסדאָזיקע פּראָבלעם האָט אַרויסגערופן אַ באַזונדערע באַוועגונג אונטער טשעוס דינאַסטיע, אין קאָנפוציוס צייטן. אַלע מיניסטאָרן זענען געווען בלויז באַשעפטיקט מיט עקאָנאָמישע פּראָבלעמען. דער כינעזישער חכם, מאַכנדיק היסטאָרישע אויספאָרשונגען, האָט נישט פאַרגעסן צו פאַרפאַסן אַ וויכטיק בוך, וועלכן ער האָט אַ נאָמען געגעבן: שו־קינג אָדער דאָס וויכטיקסטע בוך.

דאָסדאָזיקע וויכטיקע פּראָבלעם האָבן געשטעלט אין סכּנה, צעמישט און איבערגעקערט אַ סך מיניסטאָרן פון די כינעזישע דינאַסטיעס.

דאָס האָט אַרויסגערופן זייער פיל אויפשטאַנדן. דאָס איז כמעט תמיד געווען די סיבה פון בירגער־קריגן.

פּונקט ווי דער קייזער דאַרף לייזן דאָס פּראָבלעם פון דער גאַנצער נאַציע, אַזוי דאַרף דער ראש פון דער משפּחה אויך וויסן ווי צו לייזן דאָס פּראָבלעם פון זיין גרויסער משפּחה.

מען האָט אויסגעוואַנדערט.

אונטער מינגס דינאַסטיע, (1368—1644) איז אונדזער פּופּצנטער אור־זיידע געוואָרן אַ זאַלץ־סוחר. ער האָט זיך באַזעצט אין איטשענג, אינם צענטער פון דערדאָזיקער אינדוסטריע, אין דער פּראָווינץ קיאַנג־סו, איז שכנות פון נגאַי־האָאַי.

ווען איך טראַכט וועגן די „הונדערט משפּחות”, וועלכע האָבן אַמאָל באַפעלקערט דאָס וויגל פון דער אַלטער כינע, וועגן דאָס פאָלק מיט די שוואַרצע האָר, הער איך נישט אויף צו זוכן געוויסע אָנווייזונגען בנוגע דער אַנטשטייאונג פון כינעזישן פאָלק.

דאָס כינעזישע פאָלק, לויט די זכרונות־ספרים איז נישט קיין אור־אַלטע פאָלק אין כינע.

די לאָלאָס, די מיאַאָטסעס, די איס, די ליסוס, די לאָ־מאַזשענס, די מישעמיס א. ז. וו. האָבן פאַרן אָנקום פון די פרעמדע כינעזער, פאַרמירט מעכטיקע מלוכות אין טאָל האָאַנג־האָ, אָדער געלער טייך, און אינם באַסיין פון יאָנג־טסע־קיאַנג, אָדער בלויער טייך.

פונוואַנען זענען זיי אָנגעקומען די הונדערט משפחות, אָדער די מענטשן מיט די שוואַרצע האָר?

פון מערב.

אַזוי דערציילט אונדז די טראַדיציע.

די זכרונות־ספרים דערציילן אונדז, אַז מיר האָבן זיך דערנומען פון אויבערשטן קוען־לוען.

האָאַנג־טי, דער ערשטער שעף פון די געלע, מיט דער הילף פון זיין וויסנשאַפט און זיין קאָמפּאַס, האָט צעשלאָגן טסעאו־יעאו, דעם מעכטיקן שעף פון די אור־איינוווינער. גאַנצע הונ־דערט יאָר האָט בלוט געפלאָסן פון שען־סי אין ים אַריין און פון טשע־לי אין בלויען טייך.

דאָס איז געווען אין 2897 פאַר דער קריסטלעכער ערע.

זייער לאַנג איז די געשיכטע פון מיין משפחה. אַלע פון אונדז וויסן די הויפּט־עפּיזאָדן. מען דערמאָנט אונדז וועגן זיי אין די גרויסע יאָר־טעג, בעת מען לייענט אונדז די גע־נעאַלאָגיעס, פאַרוויז פון אַלע אבות.

די משפחה איז די אמתע היים פון דער כינעזישער ציוויליזאַציע.

אַ דאַנק דער משפחה קענען מיר בעסער באַגרייפן די כינעזישע ציוויליזאַציע, וואָס ווערט פאַרטגעזעצט כסדר, וואָס לעבט תמיד. מען איז דעריבער נישט געצוווּנגען איבערצובויען זי אויף דענקמאָלן און איבערשרייבן זי אויף מאַנוסקריפּטן.

מיין זיידע פון טאַטנס צד איז געווען אַ גרויסער למדן. ער האָט ליב געהאַט צו רויכערן אָפּיום.

„ער האָט געררויכערט, האָט אונדז איינמאָל די באָבע דערציילט, אונטער דער לבנה, וועמענס קלאָרע שטראַלן האָבן זיך געגאָסן אויף די בלומען, וואָס האָבן אָנגעהייבן פאַנאַנ־דערצולאָזן זיך אויף די שמעקעדיקע אָסמאַנטוסן; און ער, אַרויסלאָזנדיק זיין רויך, האָט קיין שום אַכט נישט געלייגט אויף דער הימלישער העלקייט און נישט אויף די געשפּרעכן פון דער משפחה; אייער זיידע האָט צוויי מאָל אויסגעהאַלטן זיין קיו־זשען קאָנקורס.

„ער איז געוואָרן אָנגענומען אויף דער העלפט. אין זיין קאַנדידאַטן־צעלע, ווו ער האָט געדאַרפט פאַרברענגען דריי טעג און דריי נעכט, נישט אַרויסגייענדיק, כדי צו פאַרפאַסן אַ ווערק, האָט ער מיט זיך מיטגענומען דעקעס, מאַטראַצן, פּענזלען, פּאַ־פּיר, טינט און אָפּיום.

„ער האָט געררויכערט, געררויכערט... געררויכערט...

„רויכערנדיק האָט ער פאַרפאַסט זייז ליטעראַריש מייס־טער־ווערק.

„ווען ער האָט פאַרענדיקט זיין אָפּיום, האָט ער פאַרענ־דיקט מיט זיין געלט.

אין זיין צעלע האָט ער געזוכט אַן עצה, וויאַזוי מען פאַרדינט געלט. ער האָט פאַרקויפט זיין ווערק אַן אַנדער קאַנ־דידאַט פון דער שכנותדיקער צעלע, אַ זון פון אַ רייכן אייגנ־טימער, פאַר מזומן געלט.

„ער האָט נישט אויפגעהערט אַרומצונעמען זיין „שיינע בעגערין", אין אַ קליינער שמאָלער צעלע, ווו ס'האָט זיך נאָר געפונען אַן אָרט פאַר אַ מאַגערן מענטשן.

„אייער זיידע האָט געררויכערט.

„ער האָט געשאַפן.

„מיין ווערק די „שיינע בעגעריין", גיט מיר, האָט ער גע־זאָגט פיינע אינספּיראַציעס, פּונקט ווי די ליטעראַרישע מוזע גיסט אין מיר אַריין נעקטאַר".

„נאָכדעם ווי זיי האָבן פאַרבראַכט דריי גאַנצע טעג

אינם עקזאַמען-הויף האָבן דריי שאָסן פון אַ האַרמאַט אָנגעזאָגט די קאַנדידאַטן, אַז זיי דאַרפן תיכּף פאַרלאָזן זייערע צעלעס.

„ה' שענג האָט נאָך נישט געהאַט פאַרענדיקט זיין שיינע קאָמפּאָזיציע, וואָס זיין שוואַרצע מוזע האָט אים אינספּירירט.

„ער האָט שטאַרק געראַנגלט, כּדי צו האָבן מוט אַוועקצוטראָגן זיין אומפאַרענדיקט מייסטער-ווערק דעם קייזערלעכן עקזאַמען-לערער.

זייענדיק אונטער דער פאַרכּישופטער שוץ פון זיין געליבטער „נעגערין", האָט ער אַוועקגעגעבן זיין קייזערלעכן לערער זיין צווייט ווערק.

„ווען די רעזולטאַטן זענען באַוווּסט געוואָרן, האָט דער זון פון רייכן אייגנטימער באַקומען דאָס ערשטע אָרט צווישן די ליצענזיאַנטן. דער קייזערלעכער לערער האָט אים באַגריסט.

„ה' שענג איז געווען צווישן די צוגעלאָזענע, בעסער געזאָגט, צווישן די ליצענזירטע, צוגעלאָזן אויף דער העלפט.

„ער איז געקומען גאַנץ רויק צוריק מיט זיין געלט. ער האָט געלאַכט פון כּבוד.

„אין עטלעכע יאָר אַרום איז ער ווידער געווען אין פּעקין. ער האָט זיך ווידער געשטעלט צום קאָנקורס פון קיודזשען, ווייל די „צוגענומענע אויף דער העלפט" ווערן נישט גענומען אין באַטראַכט.

„דיזעלבע געשיכטע האָט זיך איבערגעחזרט, ס'האָט אויסגעפעלט געלט!"

„איך האָב געזאָגט צו דער באָבע:

„אונדזער „טיע-טיע" איז באמת שטאַרק, ער איז דרייַ מאָל ליצענזיאַנט".

„וויאַזוי, קלייניטשקע?" האָט מיך געפרעגט מיין באָבע.

„דו קענסט נישט מאַכן קיין חשבון?

„יאָ!

„איינס און איינס איז צוויי, אַ העלפט און אַ העלפט איז איינס. פאַרשטייסטו?

„אַך, דו טייוול! דער קייזערלעכער עקזאַמינאַטאָר איז נישט אַזאַ גוטער מאַטעמאַטיקער ווי דו".

מען לאַכט.

מיין זיידע האָט ליב געהאַט רויכערן אָפּיום. אַ סך האָבן זיך אַזוי נוהג געווען, למשל, מיין זיידע פון דער מאַמעס צד.

זינט מען האָט אַריינגעפירט דעמדאָזיקן מיטל, האָט זיך די כינעזישע משפחה אַ וואַקל געטאָן. די אָפּיום-מלחמה האָט בזה-ומבוזה געמאַכט קאָנפוציוסעס פאָרשריפטן.

די אָפּיום-רויכערער זענען זעלבסטמערדער און די סוחרים פון אָפּיום — מערדער, וואָס הרגענען אַוועק דעם קאָלעקטיוו סיי פיזיש, סיי מאָראַליש.

די ליולקע האָט מען אַ נאָמען געגעבן — ביקס, און דעם רויכערער — טייוול.

ווען די משפחה האָט אַ ביקס פון אָפּיום, גייט די גאַנצע שפּאָרזאַמקייט אַוועק מיטן רויך. ווען זי האָט צוויי, איז די הכנסה ווייט פון דער הוצאה.

ווען דער מאַן רויכערט, טוט אים דאָס ווייב נאָך. אַ משפּחה מיט צוויי ביקסן איז נישט קיין זעלטענע דערשיינונג.

איינמאָל האָבן מיר געבעטן, די באָבע זאָל זיין אַזוי גוט אונדז געבן אַן איבערבליק איבער דער יערלעכער הכנסה און הוצאה פון איר מאַמעס משפּחה, איידער מען האָט איינגעפירט אָפּיום און די פאַרווענדונג פון נישט-גלייכע אָפּמאַכן.

„מיינע קינדער, — האָט צו אונדז געזאָגט די באָבע, וועלכע האָט אַראָפּגעריסן אַ שיינע פּיוואָניע, כדי אַוועקצושענקען זי אַוואַלאָקיטעסוואַראַן (קואַן-יין, אַ בודיסטיש-כינעזישע געטין), — גייט אין דער קאַפּליצע און נאָכדעם וועל איך אייך דערציילן וואָס איר ווילט".

מיר זענען איר נאָכגעגאַנגען.

ס'אַראַ שיינע, פיין-פאַנאַנדערגעבליטע קאַפּליצע! זי האָט באַפּוצט בודאָן. כדי איר צו פאַרשאַפן פאַרגעניגן, האָבן מיר זיך אויסגעצויגן פאַרן אָפּגאָט.

ווען זי איז אַרויס פון דער קאַפּליצע, איז זי געווען אין

אַ גוטער שטימונג. מיר האָבן איר ווידער געשטעלט דיזעלבע שאלה. זי האָט געלאַכט.

זיצנדיק אונטערן שאָטן פון אַ גרינעם באַנאַנען־בוים, האָט זי מיט אַ יינגער שטימע דערציילט:

„די פרעמדע שדים האָבן אונדז דערהרגעט. זיי האָבן אונדז אָנגעטאָן אַ סך שלעכטס. זיי האָבן ביי אונדז אַוועקגע־גנבעט אונדזערע קינדער און זיי האָבן קאַליע געמאַכט זייערע אויגן, כּדי אויסצואַרבעטן פּילן. דידאָזיקע באַרבאַרן ווייסן נישט פון די געזעצן פון אונדזערע חכמים.

„מיר זענען געווען רייך. אַלע יאָרן האָבן מיר געהאַט פּאַראיבעריקט געלט. די הוצאה איז תּמיד געווען דריי מאָל וויניקער פון דער הכנסה. יעדע פינף יאָר האָבן מיר זיך צו־געקויפט אַ ניי שטיקל באָדן. איצט זענען מיר רואינירט אַ דאַנק די אָפּיום־ביקסן און אַ דאַנק דעם אימפּאָרט פון פרעמדע סחורות".

„באָבע, אפשר קענסטו אונדז באַשרייבן דאָס פּאָטערלעכע הויז פאַרן אויפשטאַנד פון טאַי־פּינג".

„אַלע אויסלענדישע טייוולאָנים זענען באַרבאַרן! מען דאַרף זיי פיינט האָבן, מען דאַרף אַנטלויפן פון זיי. זיי האָבן בלויע אויגן, געלע האָר, דאָס זענען נישט קיין מענטשן, דאָס זענען באַרבאַרן, וועלכע האָבן מיט זייערע האַרמאָטן חרוב גע־מאַכט דעם טעמפּל פון אונדזערע אבות!

„דער הימל ווערט איבערגעדרייט, די ערד קערט זיך, דידאָזיקע טייוולאָנים קומען, כּדי אונדז אויפצופרעסן.

„אך! זיי פרעסן קינדער און דערוואַקסענע מענטשן, זיי זענען מענטשן־פרעסער. מען דאַרף זיי דערווייטערן, כּדי זיי זאָלן אונדז נישט טאָן קיין שלעכטס!"

„באָבע, וועסטו אונדז אפשר דערציילן וועגן דעם עקאָ־נאָמישן צושטאַנד פון אונדזער משפּחה פאַר דער אינוואַזיע פון דידאָזיקע פרעמדע באַרבאַרן?"

„האַ, האַ! איר זענט קלוג, איר זענט מסכּים מיט מיר, אַז דידאָזיקע מענטשן מיט די בלויע אויגן און געלע האָר

זענען באַרבאַרן, טייוולאָנים און מענטשן־פרעסער. איר זענט קלוג. איך וועל דערפילן אייער בקשה.

„די טראַדיציע אָנערקענט אייגנטום צו דער משפחה. דאָס זענען די צוויי באַזיסן פונם סאָציאַלן בנין. אין משך פון עטלעכע דורות זענען פאָרגעקומען עטלעכע וויכטיקע שנוים אין באַצוג צו ערד־אייגנטום. די ציוויליזאַציע פאַרשטאַרקט זיך מיט דער צייט. אין דער פאַסטוך־עפאָכע, אָדער אין דער האַלב־לאַנדווירטשאַפטלעכער עפּאָכע איז דאָס אייגנטום געווען אַ קאָלעקטיווע. ווען די באַפעלקערונג האָט זיך פאַרגרעסערט און אונדזערע עלטערן איז אויסגעקומען שטאַרקער צו באַאַרבעטן די ערד, איז דאָס אייגנטום געוואָרן אינדיווידועל. אונטער דער הערשאַפט פון די אַלטע מלכים, פון דער דינאַסטיע טשעו ביז צו דער טסינג־דינאַסטיע פון פינפטן דור פאַר קריסטוסן, ביז צום דריטן דור נאָך דער קריסטלעכער תקופה, האָט די רעאַקציע אין משך פון אַכט דורות געשטיצט די מיסברויכונגען פונם אינדיווידועלן אייגנטום.

„דאָס אינדיווידועלע אייגנטום איז געוואָרן אַ קאָלעקטיווע און איז איבערגעגעבן געוואָרן אין די הענט פון עטלעכע, כדי זיי זאָלן מיט עס אָנפירן פאַר דער טובה פונם כלל. די דאָזיקע פאַרוואַלטער זענען ביסלעכווייז געוואָרן הערשער און די איבעריקע פאַרוואַנדלט אין וואַסאַלן. ענדלעך, אונטער טשאַנגס דינאַסטיע (פון 6־טן ביזן 9־טן דור), איז פאָרגעקומען די לעצטע ענדערונג. דאָס אייגנטום איז געוואָרן גלייכצייטיק קאָלעקטיוו און אינדיווידועל״.

„באָבע, האָסטו פאַרשטאַנען אונדזער שאלה: די הכנסה און די הוצאה פון אונדזער משפחה?״

„יאָ, יאָ, איך האָב גוט פאַרשטאַנען, אָבער פאַר אייך קליינע קינדער, וועט אַ ביסל געשיכטע צונוץ קומען. ווייסט, אַז מיר האָבן אַ לענגערע געשיכטע, ווי די געשיכטע פון די באַרבאַרן. זייט שטאָלץ דערמיט, וואָס איר זענט קינדער פון דער אַלטער כינע, מיט אַ געשיכטע פון פיראַונצוואַנציק דינאַסטיעס, מיט פילאָזאָפן און מיט טראַדיציעס פון העכסטער חכמה:

מיר האָבן אָנגעהייבן אַרויסצוציִען פון געדולד, ווייל די באָבע האָט נישט געענטפערט דערויף, וואָס מיר האָבן גע־פרעגט.

„טייערע באָבע, ווילסטו אונדז דערציילן וועגן דאָס לעבן מיט פופציק יאָר צוריק?"

„דאָס לעבן מיט פופציק יאָר צוריק?

„יאָ, באָבע, דאָסמאָל בלויז דערפון.

„דאָסדאָזיקע לעבן האָט מיך נישט אינטערעסירט, בעת איך בין געווען אַ פריילן.

„פירט זיך עפּעס אַ פאַמיליען־רעכענונג?

„יאָ, דאָס אינטערעסירט מיין מאַמען.

„קענסטו אונדז דערפון געבן אַ באַגריף?

„מיר זענען געווען רייכער. די הכנסה איז געווען דריי מאָל אַזוי גרויס ווי די הוצאה. יעדע פינף יאָר פלעגן מיר צוקויפן נייע פעלדער. מיר האָבן געגעסן רייז, סאָזשאַ־אַרבעס, פיש, ביליקע אייער. מיר האָבן געטראָגן בלויע שטאָפן, צייטנ־ווייז זיידענע מלבושים. מיר האָבן געוווינט אין דאָרף, וווהין דאָס טייערע לעבן איז נישט דורכגעדרונגען".

„דאָס אַלץ, באָבע?

„יאָ, דאָס אַלץ, מיינע קינדער!"

„באָבע, דו ווייסט, אַז דער „אויסלענדישער טייוול", פירט פּינקטלעכער די רעכענונגען פון אונדז".

„איך בין ביי זיך און וויל פון גאָרנישט וויסן".

---

# קאַפּיטל פינף

## מיין היימישע שטאָט.

אי־טשענג איז דער נאָמען פון אונדזער שטאָט.

זי ליגט צו צפון אויפן 32° פון דער געאָגראַפישער ברייט און צו מזרח אויפן 119° פון דער גרינוויטשער לענג.

זי ליגט אויף די ברעגעס פונם בלויען טייך און פונם גרויסן קאַנאַל, אויף 30 קילאָמעטער פון נאַנקין, די אַלטע הויפּט־שטאָט פון דער מלוכה.

די שטאָט איז אַרומגערינגלט מיט אַ טויזנט־יעריקע וואַנט. די עלטסטע טייל איז געבויט געוואָרן אינעם צווייטן דור, פאַר דער קריסטלעכער תקופה.

ס'איז אַ מוזיי פון מאָנומענטן.

צוערשט אונדזער פּאַגאָדע, וועלכע האָט געזען אונדזער קינדהייט און די קינדהייט פון אונדזערע אבות. זי איז צע־שטערט געוואָרן דורך טאַי־פינג.

די חורבות פון דער פּאַגאָדע זענען פאַרבליבן ביזן היינ־טיקן טאָג. זי איז דער ריז פון אונדזער שטאָט.

דער טורעם פונם מזל איז אויך אַכט־ווינקלדיק, בעסער פּאַרהיט, אָבער נידעריקער פון דער פּאַגאָדע.

פונדערווייטנס, אינמיטן טייך, זעט מען, ווי דיביידע טורעמס, די טויזנט־יעריקע שוועסטער, זענען אַרומגערינגלט

דורך אַן אַלטער וואַנט. מען קען טראַכטן און דענקען וועגן אַלע סודות, וואָס זענען פאַרשלאָסן אויף דעמדאָזיקן שטח!

אַזויפיל פּאָעטן זענען דורכגעגאַנגען, אַזויפיל פויגעלעך האָבן דאָרט געררוט! ביי היינטיקן טאָג גייען מיר דאָ פאַרביי.

דער גרויסער טייך, דער בלויער טייך, איז דער רהיין פון ווייטן אָריענט. דו האָסט אַרויסגעבראַכט אַזויפיל קינדער, אַ גרויסער טייך!

נאַנקין, אַלטע הויפטשטאָט, וויפל מאָל ביסטו שוין געווען אַ שלאַכט-פעלד! און אי-טשענג, אונדזער שטאָט, איר טויער!

דידאָזיקעביידע טויזנט-יעריקע שוועסטער קוקן זיך אָן אין דער הימל-אָזיערע, ווו די גאַנצע פולע לבנה שפּאַצירט פונם דאַך פון מזל-טורעם ביז צום דאַך פון דער פּאַגאָדע, אונדזער אַלטע שכנטע.

אַזויפיל שיינע פרויען, אַזויפיל צאַרטע גראַציעס זענען דאָרט דורכגעגאַנגען.

דער ריח פון די לאָטאָסן דערמאָנט אונדז נאָך איצט פון זיי.

די צאַרטע וויינענדיקע ווערבעס בעטן רחמים. ווייל מען ברעכט כסדר אָפּ זי גרינע צווייגן, כדי אָוועקצושענקען זיי די מענטשן פאַר זייער אָפּפאָר.

זיי באַקרוינען די האַלב-רונדיקע פאַרצוימונג פון קאָנפוּ-ציוסעס טעמפל צוזאַמען מיט בליענדיקע פלוימען-ביימער. די פאַרצוימונג צעטיילט די הייליקע אָזיערע אויף צווייען. די פּאַ-גאָדע באָדט זיך דאָרט, כדי אונדז צו געבן דעם באַגריף פון די דריי אייניקייטן.

דעם מזל-טורעם זעט מען אויך אַ געדאָפּלטן אין דער אָזיערע.

ער איז פאַרפילפאַכט מיט זיינע אַכט-קאַנטיקע זייטן.

ער איז אַזוי שטרענג, אַז ער טרייבט אַוועק אַ פחד!

ער ציט זיך אין דער בלויקייט פון הימל, אונטערהאַלטנדיק קליינע גלאָקן, וועלכע קלינגען בלויז ביינאַכט, כדי צו פאַר-רוישן די שטילקייט פון הימל.

דער פויקן-טורעם געפינט זיך אינמיטן שטאָט. ס'איז זייער אַן ערנסטער דענקמאָל. אַזוי ערנסט, אַז ער טרייבט אָן אַ פּחד. מען קען מיינען — אַ מלחמה. ער איז די עלטסטע טייל פון די שטאָט-פאַרפעסטונגען. א טורעם פון 2-טן יאָרהונדערט פאַר דער קריסטלעכער תּקופה.

ביי היינטיקן טאָג רוקט זיך דער טייך אַוועק, און די שטאָט גייט פאָרויס.

דער טורעם קלינגט פון פרימאָרגן ביז ביינאַכט, כּדי צו מעלדן די איינוווינער וועגן דער שעה פון אויפשטיין און פון שלאָפן גיין.

דאָס ליטעראַריש בערגל, אָדער דער מזרח-גאָרטן, וואָס איז פאַראייביקט געוואָרן דורכן גרויסן שרייבער פון סאַנגס-דינאַסטיע (960—1729), עו-יאַנג-סיו, איז פאַר דער רעוואָלוציע געווען אַ ווינקל, וווּ ליטעראַטן פלעגן זיך באַגעגענען. מען הערט דאָרט בעסער די נשמה פון די נאַכט-גלאָקן. זייערע טע-נער קלינגען איינס ביי איינס.

דורכטראָגנדיק זיך דורך דעם אולם-וואַלד, קומען זיי טרייסטן דאָס איבערגעבליבענע פון דער פאַרשווונדענער העלדין.

אָוונטצייט, ביי אַ פאַרשטערנטן הימל, ווען מען קריכט אַרויף דעם צפון-בערגל און מען קוקט פון אויבן אַראָפּ, זעט מען די אַלטע שווייגעוודיקע שטאָט.

דער גרויסער טייך מיט זיינע שרעקלעכע שטראָמען לאָזט זיך אַראָפּ ביים האָריזאָנט. די כוואַליעס טראָגן זיך נאָך איינ-אַנדער, זעגלען באַווייזן זיך און ווערן פאַרשווונדן, אַלץ טראָגט זיך מיט טיפקייט און ערנסט.

אָט דאָ זעט מען דעם אמתן אויסבויג פון דער מענטשהייט.

די מענטשהייט עקזיסטירט תּמיד אין רוים און אין צייט.

אויף די בערגלעך ליגן די אבות. אונטערן דאַך, לעבן דער פּאַגאָדע, שלאָפן די עלטערן, און די נייע שטראָמען, וואָס קומען פון דער היינטיקער וועלט, ברענגען די, וועלכע וועלן ווערן די אבות פון מאָרגן.

די מענטשהייט איז אַ גאַנצקייט, וואָס נישט די נעמען

פון די עלטערן, פון די לעבעדיקע און פון די צוקונפטיקע מענטשן וועלן קענען צעשטערן. די דריי ווערטער, פאַרגאַנגענהייט, איצט און צוקונפט, ווייזן בלויז די פאָרמען פון אַן אָנסופיקער עקזיסטענץ און זיי וועלן נישט קענען צעברעכן די אייביקע אחדות, די אייביקע געמיינזאַמע אינטערעסן.

און ווען דער גרויסער טייך פאַרפירט אונדז ווייט, אויפן צווייטן עק פון דער וועלט, אויפן מערב, הייבט זיך די זון דאָרט אויף, זעצט זיך דאָ, אָבער תמיד דיזעלבע זון. און די מענטשהייט איז אויך איינע: אַ גאַנצקייט אינם שטח, וואָס קיין שום אָנווייזונגען, נישט פון מזרח, נישט פון מערב, נישט פון צפון און נישט פון דרום קענען צעברעכן. און אַלע פיר זייטן פון דער וועלט, צפון, דרום, מזרח און מערב זענען וועגווייזער אינם דאָזיקן שטח, אָבער קענען נישט צעברעכן די אייביקע אחדות, די אייביקע געמיינזאַמע אינטערעסן.

ווען אַ בלאַט פאַלט אַראָפּ פון אַן אומשטערבלעכן בוים, פילט דער גאַנצער גוף זיין פאַרלוסט, קיין שום צווייג פרייט זיך נישט, ווייל די אַראָפּגעפאַלענע בלאַט האָט פאַרייגנט איר חלק פון דער זון-ענערגיע און עס פאַרוואַנדלט אין חיותדיקע זאַפטן. דער גאַנצער בוים ליידט פון דעמדאָזיקן פאַרלוסט.

אַזוי איז מיטן מענטשלעכן קאָלעקטיוו: דאָס איז די אייביקע אחדות, די אייביקע אינטערעסן-געמיינזאַמקייט.

---

# קאַפּיטל זעקס

## דאָס געבורט פון מיין שוועסטער טשיאָ און פון מיין ברודער ליען. — דער טויט פון מיין מומע לי און פון מיין פעטער דזשו-לין.

מיר האָבן געוואָלט וויסן דאָס, וואָס מיר ווייסן נישט. אינם נאָמענטאָג פון אונדזער מומע לי, האָבן מיר אין גאָרטן, צווישן די בליענדיקע אַבריקאָסן, ווידער אָנגעהייבן צוצושטייַן צו אונדזער טייערער מאַמע:

„די מומע לי און איך, זענען מיר געווען צוויי שוועסטער.

„מיר האָבן זיך ליב געהאַט, ווייל איך און זי, זענען מיר געווען צוויי פרויען און מיר האָבן געלעבט צוזאַמען אונטער איין דאַך פון אונדזער שוויגער.

„מיר האָבן זיך זייער גוט פאַרשטאַנען און מיר האָבן זיך קעגנזייטיק געהאָלפן.

„אין 1891 האָב איך אַרויסגעבראַכט אויף דער וועלט אייער שוועסטער טשיאָ. לעבן מיר האָט זיך געפונען בלויז לי.

„איר ווייסט, אַז נישט געקוקט אויף דער גאַנצער אי-בערגעבנקייט פונם מאַן, איז די הילף פון עמעצן פון אונדזער געשלעכט געווען זייער נייטיק. לי איז פאַר מיר געווען אַ מאַמע און אַ שוועסטער.

„ווען אייער פעטער איז אַוועק אָנזאָגן דער באָבע וועגן

טשיאָס געבוירט, איז ער געווען שטאַרק צופרידן. זיין פרייד האָט אונדז געטרייסט.

„ווען ער איז געקומען צוריק, שטאַרק פאַרקלעטערט, האָט ער צו אונדז געזאָגט:

„די באָבע האָט געוואָלט, אַז אַנשטאָט טשיאָן זאָל בעסער זיין אַ ייִנגל.

„אָבער איך וויל אַ טאָכטער, האָט ער ווייטער גערעדט, בעסער אַ מיידל ווי אַ ייִנגל. גיב זי מיר, אויב דו ווילסט זי נישט".

„דאָס געזאָגט, האָט ער אַ קוק געטאָן אויף אייער פאָטער.

„אייער פאָטער האָט אָפּגעענטפערט:

„זי בלייבט ביי אונדז".

„אין צוויי יאָר אַרום, איז ליען געקומען אויף דער וועלט.

„די באָבע איז געווען צופרידן.

„מען האָט אָפּגעקאָכט הינערשע אייער, געפאַרבט אויף רויט.

„מיט דידאָזיקע אייער האָט מען אָנגעזאָגט וועגן דעם ניי-געבוירענעם.

„אין דריי טעג אַרום נאָך זיין געבוירט, האָט מען גע-פייערט דעם יום-טוב פון דריי-וואַשונגען.

„פון באַגינען אָן האָט מען באַלויכטן דעם זאַל, אָנגע-צונדן ליכט און פאַרויכערט קטורת.

„די קרובים, די פריינט, די שכנים זענען געקומען

„די אַקושאָרקע, וועלכער ס'האָט געקומט גרויס כבוד, איז אויך דאָרט געווען.

„זי האָט פאַנאַנדערגעוויקלט דעם ניי-געבוירענעם. די צערעמאָניע האָט זיך אָנגעהייבן.

„צוערשט האָט זי דריי מאָל איינגעגעצט דעם קינדס שטערן. נאָכדעם האָט זי געטובלט דאָס שרייענדיקע קינד דריי מאָל אין וואַסער.

„מען וואַרפט עס אַריין אין אַ שיסל הייליק וואַסער.

„מען פאַרענדיקט די דריי-וואַשונגען און מען טוט אָן דאָס קינד.

„די אַקושאָרקע גיט אַוועק דאָס קינד דעם טאַטן.

„דער טאַטע האָט עס אָפיציעל פאָרגעשטעלט דעם פאַמיליען-טעמפל, נאָכדעם דער באָבען, די קרובים, די פריינט די שכנים.

„מען האָט געהוליעט.

„אין דערדאָזיקער רויקער אַטמאָספער, האָט זיך אָנגעהייבן אַ טראַגעדיע.

„די מומע לי איז קראַנק געוואָרן.

„די ברוסט האָט איר ווי געטאָן. דער פעטער האָט געוואָלט שיקן נאָך אַ דאָקטאָר. די באָבע איז געוואָרן שטאַרק אויפגערעגט.

„זי איז נישט קראַנק, זי מאַכט זיך", — האָט זי געזאָגט.

„אויסגעהאָרכט אַזעלכע אומגערעכטע ווערטער, האָט די מומע פאַרלוירן די האָפענונג און זיך מייאש געווען פון לעבן. זי איז אויסגעגאַנגען פון טאָג צו טאָג.

„איר מאַן האָט זי געליבט און געליטן אינדערשטיל.

„זי האָט געהאַלטן אין איין הוסטן. דערדאָזיקער הוסט האָט, ענדלעך, באַאומרויקט דער באָבען

„זאָל זיין געלויבט דער הימל!

„די באָבע האָט געשיקט נאָך אַ דאָקטאָר.

„ביים ערשטן וויזיט, האָט דער דאָקטאָר געמאָלדן, אַז די לאַגע איז אַ פאַרצווייפלטע.

„לי האָט זיך אָפגעזאָגט פון רעצעפטן, הגם דער מאַן איז שטאַרק צוגעשטאַנען.

„דערוויסנדיק זיך וועגן דעמדאָזיקן אָפזאָג, האָבן אונדזערע שוועגערינס פאַרפאַסט אַ ראָמאַן, כדי אים איבערדערציילן דער באָבען.

„מען האָט אונדז באַשולדיקט, אַז מיר זענען נישט ערנטלעך און פאַלש.

„און ווייל די מענער זענען געווען מיט אונדז, האָבן די שוועגערינס געקוקט אויף זיי מיט שנאה".

מיין מאַמע האָט פלוצלונג אויפגעהערט צו דערציילן

ווייל מען האָט דערהערט אַ געוויש פון מיין באָבעס טריט. יענע איז אַוועק אין קיך, דורכגייענדיק דעם קאָרידאָר.

ווען ס׳איז ווידער געוואָרן שטיל, האָט מיין מאַמע פאַרטיגעזעצט:

„אייער מומע לי איז געשטאָרבן.

„אין אַ יאָר אַרום איז אייער פעטער, איר מאַן, געשטאָרבן.

„אייער טאַטע און איך, האָבן מיר זיך אָנגעקוקט אינם שפיגל פון טויט.

„מיר האָבן נישט געטאָרט וויינען. אָבער שטאַרק פאַרטרויערט, האָבן מיר זיך אַרומגענומען".

ס׳האָבן זיך ווידער דערהערט טריט און גלייכצייטיק אַ בילעריי פון הינט. די באָבע האָט זיך באַוויזן, כּדי אויפצוגעמען איר גאַסט.

אַן אַנדערש מאָל האָט מיין מאַמע אונדז ווידער דערציילט, טיילנדיק יעדן פון אונדז אַן אַפּריקאָס, אַז די באָבע זאָל נישט וויסן.

„ס׳איז געווען די נאַכט פונם ניינאונצוואַנציקסטן, דער טאָג פון דער זעקסטער לבנה.

„שווערע וואָלקנס האָבן פאַרטונקלט דעם הימל.

„ס׳איז געווען אַ שרעקלעכע נאַכט, וועלכע האָט זיך ווי אַ שווערע משא אַוועקגעלייגט אויף די אָרעמע נערוון פון אייער פעטער. לי האָט געהוסט.

„מיטאַמאָל איז געוואָרן אַן אויסערגעוויינלעכער גערויש און אייער פעטער איז אין עטלעכע רגעס אַרום אַרויסגעשפרונגען פון בעט.

„אַ פאַרטרויערטער און אַ פאַרפייניקטער, מיט אַ קאַלטן שווייס אויפן שטערן, האָט דער אומגליקלעכער געהאַט אַ שלעכטן פאָרגעפיל.

„ער האָט נישט געהאַט קיין העזה אַ געשריי צו טאָן.

„ער האָט מורא געהאַט אויפצוּוועקן די באָבע.

„זיי מוטיק, מיין קינד, האָט אויסגערופן די באָבע פון איר בעט אַרויס, דיין ווייב וועט נאָך מאָרגן נישט שטאַרבן".

„איך בין אריין אין לי׳ס צימער.

„זי האָט תּיכּף געפּרוווט רעדן.

„אָבער דער הוסט האָט איר געשטערט, אַ שרעקלעכער הוסט האָט געריסן איר גאָרגל.

„אַ מין כאָרכלען האָט געקלאַפּט איז די הײלן פון אירע פאַרוווּנדעטע לונגען.

„זי האָט געוויינט. אָבער זי האָט געפּרוווט שמייכלען, בעת זי האָט דערזען, אַז איך דערנענטער זיך צו איר.

„ענדלעך האָט זי זיך באַרויִקט און געקענט צו מיר ריידן.

„זשוּקאָנע, דערנענטער זיך, איך וועל דיך באַלד פאַרלאָזן, איך וועל באַלד אַוועקפאָרן...

„וווּהין? טייערע שוועסטער, גוטע שוועסטער, וווּהין? פאָר נישט אָן מיר!

„כ׳וועל אַוועקפאָרן... כ׳וועל אַוועקפאָרן... דו פאַרבלייבסט, כּדי צו באַדינען אונזער שוויגער און אונדזערע שוועגערינס.

„בלייב דו אויך. איך וועל בעטן דעם הימל, אַז אונדזער מזל זאָל אויסגעבעסערט ווערן, אַז אונדזער צוקונפט זאָל ווערן ליכטיקער.

„לאַכנדיק, הוסטנדיק, וויינענדיק, האָט לי פאָרטגעזעצט:

„ווען איך וועל שטאַרבן. וועל איך זיין גוט און פרום. ביים לעבן האָט מען זיך מיט מיר נישט גערעכנט".

„אייער פעטער איז אַריינגעקומען.

„אַ בלאַסער, מיט טרערן אין די אויגן, האָט ער אַרויסגעלאָזט אַ דויערהאַפטן זיפץ: הימל! הימל!

„אָט איז זי אַוועק, אַ יונגער לעבעדיקער קרבן פון דער טראַדיציע.

„זי האָט איבערגעלאָזט אַ ייִנגל פון אַכט יאָר.

„נאָכן טויט פון אייער פעטער, איז געשטאָרבן אייער דריטע מומע, און זי אויך פון שווינדזוכט.

„די באָבע איז דאָסמאָל געווען פאַרטרויערט, ווייל ס׳איז געווען איר טאָכטער.

„דעם נעכסטן יאָר, האָט אייער פערטע מומע חתונה גע־האַט מיטן הער האָ.

„דער באָבעס פּלימעניצע האָט אויך חתונה געהאַט.

דער גאַנצער הויף האָט זיך פאַנאַנדערגעשפּרייט; די יונגע לייט זענען נישט געקומען. מנוחה האָט אַ צייט געהערשט אין דער משפּחה.

„דער טויט האָט אינגיכן אַוועקגענומען אייער עלטער־זיידן, אַכציק יאָר אַלט, דער שווער פון אייער באָבע.

„ער איז געווען דער עלטסטער אין דער משפּחה, אָן אַ דעה, ווייל זיין שנור איז געווען רייכער פון אים.

„די שטוב איז געווען פול מיט מתים!

„פון טויט צו טויט... האָב איך ענדלעך דערקענט דעם טויט...“

## קאַפּיטל זיבן

די כינעזיש-יאַפּאַנישע מלחמה. — די רעפאָר-
מע. — דער טרייב-רויב און די הונ-
דערט טעג. — מיין געבורט.

אַ קליין לאַנד האָט געשלאָגן כינע, גאָר אַ קליין לאַנד!
די מויז האָט פאַרווונדעט די קאַץ אין 1895.

גאַנץ כינע איז געווען אויפגערעגט פון דעם שימאָנאָסע-
קער אָפּמאַך. אָבער צום שטאַרקסטן איז געווען דער מאָדערניזם
און ער האָט אָפּגעהאַלטן אַ נצחון.

קאָרייע איז געווען די סיבה פון דער כינעזיש-יאַפּאַני-
שער מלחמה.

די מלחמה צווישן כינע און יאַפּאַן איז אָפיציעל געוואָרן
דערקלערט דעם 1-טן אויגוסט 1894. אָבער אינדעראמתן האָט
שוין די מלחמה עקזיסטירט פאַר דערדאָזיקער דאַטע.

די מאַנדזשורער אָפיצירן פונם כינעזישן פלאָט האָבן אַזוי
געטראַכט: „שלאָגן זיך איז גוט, אַנטלויפן איז נאָך בעסער".
דאָס זענען געווען פאַראַד-אָפיצירן. דער מאָדערנער מעכטיקער
פלאָט פון דער צענטראַלער מלוכה איז געוואָרן אָנגעפירט דורך
יונגע אָפיצירן, מאַנדזשורער אָדער כינעזער פון רייכע משפחות.
זיי איז גאָרנישט אויסגעפאַלן אויפן רעיון, אַז ס'וועט זיי אויס-
קומען זיך שלאָגן אויפן אָפענעם ים. דער באַפעל אַרויסצוטרעטן

האָט אַרויסגערופן אַן אַלגעמיינע סומאַטאָכע: אַ טייל האָבן זיך געמאַכט קראַנק, די אַנדערע זענען זיך צולאָפן.

און דעריבער האָט מען געהאַט אַ מפּלה ביי יאַלו, דעם 17 סעפּטעמבער 1894!

נישט האָבנדיק קיין פּלאַט, האָט די כינעזישע אַרמיי געמוזט אָפּטרעטן.

מיט דער הילף פונם פּלאַט, האָט די יאַפּאַנישע אַרמיי דעם 6 אָקטאָבער זיך גערוקט פאָרויס צו צפון אין דער ריכ־טונג אויף האַי-טשענג. דעם 24 אָקטאָבער איז זי געגאַנגען אויף מזרח פון לעאַאָ-טונג, דעם 6 נאָוועמבער אויף טאַ-ליען-וואַן, דעם 21 אויף פּאָרט-אַרטור. דעם 4 מערץ 1895 האָט זי באַהערשט לעאַאָ-טונג און ניעאו-טשונג, נאָך אַ שטאַרקער שלאַכט דעם 5 און 6-טן מערץ.

און נאָך אַ זעקס-חדשימדיקער מלחמה איז די כינעזישע אַרמיי פולשטענדיק צעקלאַפּט געוואָרן.

דער וועג קיין פּעקין איז געווען אָפן דעם 8 מערץ 1895.

די הימלישע אימפּעריע האָט געמוזט אַראָפּבויגן דעם קאָפּ פאַר אַ געשעענעם פאַקט.

דידאָזיקע מיאוסע מפּלה איז געווען אַ געפערלעכער קלאַפּ פאַרן פּרעסטיזש און פאַרן כבוד פון דער גרויסער כינעזישער נאַציע.

ס'אַראַ דערנידערונג — דער שימאָנאָסעקער אָפּמאַך!

דערדאָזיקער דונער האָט אויפגעוועקט די מאַסן, וועלכע זענען געשלאָפן.

צוערשט די מאַנדאַרינער און די בורזשואַזיע.

ביז יענער צייט האָט מען קיינמאָל נישט גענומען אין ערנסט די אויסערלעכע מלחמות.

פאַר די כינעזער זענען זיי געווען בלויז פאַרבייגייענדיקע שטורעמווינטן, אַ פּראָדוקט פון דער „באַרבאַרישער ציוויליזאַציע“.

דאָסדאָזיקע מאָל איז די כינעזיש-יאַפּאַנישע מלחמה גע־ווען צו נאָענט און צו ברוטאַל, און דעם קייזערלעכן הויף וואָלט זיך נישט איינגעגעבן אָפּצונאַרן די געזעלשאַפטלעכע מיינונג.

פון דער צווייטער זייט האָט דער יאַפּאַנישער נצחון אַנט-פּלעקט פאַר די מערב-מלוכות, די שוואַכקייט פון כינעזישן ריז. דאָס איז געווען דער טרייב-רויב.

ס׳האָט געהאַלטן דערביי, מען זאָל כינע צעפּיצלען. רוס-לאַנד און יאַפּאַן האָבן באַלעבאַטעוועט אין מאָנגאָליע און מאַנ-דזשוריע, אויף כינעזישער טעריטאָריע; דייטשלאַנד האָט פאַר-נומען קיאַאָ-טשעו; ענגלאַנד — ווער-האַי-ווער און פראַנקרייך — קוואַנג-טשעו-וואַן.

אין הויף האָבן געקעמפט צוויי ריכטונגען: די אָנהענגער פון פירשט קאָנג, וועלכע האָבן געשטרעבט זיך צו פאַרשטענדיקן מיט אויסלאַנד און די פירשטן טשון-אי און קינג, וועלכע זע-נען געווען קעגן דעם.

די קעניגין, די אלמנה טסעו-הי איז געשטאַנען אויף דער זייט פון די ביידע לעצטע, וועלכע זענען געווען טריי דער טראַדיציע.

אין רעכטן מיטן קריזיס האָט זי אויפגעבויט דעם זומער-פּאַלאַץ.

צווישן דער מלכה און דער באָבען איז געווען אַ גרויסע ענלעכקייט.

די מלכה טסעו-הי איז געווען די שלעכטע באָבע פון גאַנץ כינע.

דער סימבאָל פון דער טראַדיציע.

נישט געקוקט אויף איר ליבע צו דער טראַדיציע איז די מלכה נאָך דער מפּלה פון דער אַרמיי אין 1895, געווען גע-צווונגען אָנצוקומען צום פירשט קאָנג.

דער מערב-פירשט איז כסדר געווען דערפאַר, מען זאָל אַריינפירן דעם מאָדערניזם אין הויף.

אָבער ער איז געשטאָרבן דעם 29 מאַי 1898.

די מלכה האָט געגלויבט, אַז זי וועט צוריק אָפּנעמען דעם פאַרלוירענעם באָדן.

דער אָנהענגער פונם פירשט קאָנג, וואָנג-טאָנג-האָ, דער לערער פון יונגן מלך קוואַנג-סיו איז אַרויף אויף דער סצענע.

ער האָט געשטעלט זיין הערשער אין פאַרבינדונג מיט קאַנג-יעו-ווײ, וועלכער האָט פאַרפאַסט די ווערק: „יאַפּאַנער באַנייונג", „שטודיום איבער דער געשיכטע פון די קאָנסטיטוציאָנעלע ענדערונגען אין ענגלאַנד", „די געשיכטע פון טערקייס גרויסקייט און פון איר דעקאַדענץ" און „דאָס לעבן פון פעטער דעם גרויסן". דעם מלך זענען דידאַזיקע ווערק שטאַרק געפעלן געוואָרן. ער האָט שטודירט אין יאַפּאַן.

„קאַנג-יעו-ווײ איז געווען אַ באַגייסטערטער פּאַטריאָט און האָט גלייכצייטיק געהייסן מאָדערניזירן די צענטראַלע מלוכה.

וואָנג-טאָנג-האָ, דער קייזערלעכער לערער, האָט געגעבן צו לעזן דעם מלך קאַנגס ווערק, ווייל ער האָט געליטן פון דער באַליידיקונג, וואָס יאַפּאַן האָט פאַרשאַפן כינע.

דעם 11 יוני 1898, האָט דער מלך-קואַנג-סיו אַרויסגעגעבן אַ דעקרעט וועגן די רעפאָרמען. קאַנג און זיינע אָנהענגער זענען געוואָרן אָנגענומען אויף אַן אוידיענץ דעם 16-טן.

אָבער די מלכּה איז געשטאַנען אויף דער וואַך. וואָנג-טאָנג-האָ איז באַזייטיקט געוואָרן.

די מלכּה האָט פאָרטגעזעצט דעם קאַמף.

מיט אַלע אירע כּוחות האָט זי אויפגעהאַלטן די אַלטע טראַדיציעס און זיך קעגנגעשטעלט די אָנהענגער פון די רעפאָרמען.

דער נייער רעזשים איז געווען אין סכּנה, ווייל דער פלעמעניק פון דער מלכּה, זשאָנג-לו, דער נייער גובערנאַטאָר פון טשע-לי, איז געגאַנגען מיט זיין אַרמײ אויף פּעקין.

דער טראָן-פאָלגער קואַנג-סיו האָט צונויפגעזאַמלט די רעפאָרם-אָנהענגער און געמאָלדן מיט געוויין:

„איך פאַרליר מיין טראָן!"

יואַן-שע-קאַי, דער צוקונפטיקער פּרעזידענט פון דער כינעזישער רעפּובליק האָט פאַרראַטן זיין פּרינציפּ: „אַלץ פאַר מיר אָדער גאָרנישט".

קאַנג איז פאַרשיקט געוואָרן, די זעקס הויפּט-רעפאָרמיסטן האָט מען געקעפּט און דער טראָן-פאָלגער, וועמען די מלכּה

האָט דערלאַנגט מיטן פּאָכער, האָט דעם 29 סעפּטעמבער גע־מוזט אונטערשרייבן אַ דעקרעט, אַז ער זאָגט זיך אָפּ פון זיינע רעכט.

נאָכדעם האָט מען אים אַוועקגעשיקט אויף אַן אָפּגעלע־גענער אינדזל, יינג־טאַי, צווישן דער אָזיערע נאַן־האַי. דאָרט, אַרום זיין פּאַלאַץ האָט מען געשטעלט אַ שטאַרקע שמירה, און ער איז אויף אַזאַ אופן אָפּגעריסן געוואָרן פון דער לעבעדי־קער וועלט.

אָט איז די גאַנצע מעשה מיט די הונדערט טעג, וואָס האָט גורם געווען אַ פּעריאָד פון ווילדער רעאַקציע.

מיין טאַטע איז געווען איינער פון די רעפאָרמיסטן „אָנ־געשטאָפּט מיט פאַלשע דאָקטרינעס און מיט נאַרישע פּרינציפּן", געקוקט אויף זאַכן מיט אויגן פון מיין באָבען און פון דער מלכה, דער אלמנה.

מיין באָבע האָט פאַרגעטערט די מלכה. זי האָט געריממט איר דרייסטקייט און אירע רעאַקציאָנערע מעשים.

דער הויף האָט געזוכט די רעפאָרמיסטישע „פאַרברעכער". מיין פאָטער איז געזעסן רויק אינדערהיים און געוואַרט אויף אַ קינד, וואָס האָט געדאַרפט געבוירן ווערן.

אפשר וועט זיך עמעצער פון די געקעפּטע העלדן ווידער צוריקקערן אויף דער וועלט?

אויב ער וועט קומען, וועט ער זיין אַ רעוואָלוציאָנער.

און בעת דער טויט האָט פון אַלע זייטן געלויערט אויף דער נאַציע אויף דער פאַמיליע, בין איך דעמאָלט געבוירן געוואָרן, אין דער נאַכט פון 6 פעברואַר 1899, אין אַן אַלט הויז, אין אי־טשענג.

אין דער שטילקייט און אין דער פינסטערניש פון דער נאַכט האָב איך געמאַכט געוואַלדן.

מען וואַרט אויפן מאָרגנשטערן.

---

# קאַפּיטל אַכט

איך בין געבוירן געוואָרן ערב דעם כינעזישן
ניי־יאָר. — איך בין געבוירן געוואָרן אַלס
חתן פון מיין קוזינע. — דער טויט פון
מיין קוזין יען־טשאַנג. — די
מלחמה פון די באָקסערס.

איך בין געווען זייער נייגעריק צו וויסן, וואָס ס'איז פאָרגעקומען אַרום מיר, בעת מיין זכרון איז נאָך געווען קוים אַנטוויקלט.

לעבן אַ פייער, וואָס האָט אָנגעזאָגט וועגן דעם נייעם יאָר 1910, האָב איך אויסגעפּועלט, מיין גוטע, טייערע מאַמע זאָל מיר דערציילן וועגן מיין געבורט און וועגן מיינע ערשטע קינדערישע יאָרן

„דיין טאַטע און איך, — האָט זי צו מיר געזאָגט, האָבן מיר זיך צען יאָר נאָך דער חתונה געליבט מער ווי פריער. מיר האָבן זיך געקענט ליבן. די פאָרגעקומענע געשעענישן, אָפט טראַגישע און טרויעריקע, סיי אין דער משפחה, סיי אין דער נאַציע, האָבן פאַרשטאַרקט אונדזער ליבע. ער איז געווען צופרידן, וואָס ער האָט אַן איבערגעגעבענעם פריינט, וועלכער קומט אַנטקעגן זיינע פאַרלאַנגען און זיינע נויטבאַדערפענישן פון אַ מענטשן. ער איז געווען דער כוח און איך — די צאַרטקייט.

„איך בין געווען גליקלעך צו האָבן אַ מאַן, אַ זייל, וואָס האָט געקענט שטאַרקן דאָס האַרץ און דעם גייסט. ער האָט געקענט אַנטקעגנקומען מיינע פאַרלאַנגען און באַפרידיקן מיינע באַגירן. ער האָט געקענט מיך טרייסטן און צוגעבן מוט. ער האָט געוווּסט, וויאַזוי מען גיט צו פאַרשטיין זאַכן, ער האָט מיך אויסגעלערנט ליב צו האָבן זיין מוטער, נישט געקוקט אויף איר שלעכטס.

„ווען איך האָב דיך געטראָגן אין מיין אינגעווייד, איז דיין פאָטער געווען שטאַרק צופרידן. ווייל איך האָב געדאַרפט געבוירן דאָס פערטע קינד. האָ, וועלכער איז געבוירן געוואָרן מיט צוויי יאָר פאַר דיר, האָט געלעבט בלויז עטלעכע חדשים. דיין טאַטע האָט זיך בעסער באַקענט מיט דיליידן פון אַ פרוי. בעת איך האָב אים צום ערשטן מאָל געגעבן אַ קינד, איז עס געווען אַלץ איינס ווי געבן אים אַ ליאַלקע פון לייב. ער איז געווען דערצו גלייכגילטיק. ווייל זייענדיק אַ מאַנס-ביל, האָט ער נישט געוווּסט: וואָס אַ פרוי לעבט איבער.

„ענדלעך האָבן זיינע געפילן באַזיגט זיין גלייכגילטיקייט. ער וואָלט געוואָלט מיך פאַרטרעטן.

„אַ קינד איז פאַר מיר דאָס גרעסטע גליק” — האָט ער צו מיר געזאָגט מיט עטלעכע טעג פאַר דיין געבורט.

„דו ביסט געבוירן געוואָרן און אַט ביסטו אַ גרויסער יונג!

„דו לאַכסט, דו שמייכלסט.

„ערב דיין געבורט, בין איך געווען אין קיך, כּדי צו-צוגרייטן ריטועלע מאכלים צום נייעם יאָר. דיין טאַטע איז געשטאַנען לעבן מיר.

„מיר האָבן זיך פאַרשפּעטיקט. מיר האָבן זיך געמוזט איילן, כּדי די באָבע זאָל אונדז נישט מאַכן קיין פאָרוואורפן. אַלזאָ, מיר האָבן זיך געיאָגט.

„אָבער איך האָב שוין מער נישט געקענט אַרבעטן!

„דיין טאַטע האָט מיך אַ פרעג געטאָן: „וואָס איז מיט דיר?

„איך האָב שמערצן . . . . . . . . . . . . . . . . . .

„טו א טראַכט וועגן דער באָבען. מיר ענדיקן שוין באַלד".
„איך קען נישט ענדיקן, ווייל ס'טוט מיר ווי".........
„וווּ טוט דיר ווי?"
„אין בויך...
„אַך! אַך! איך לויף שנעל".
„מאַטער נישט דיין מאַמע, טייער קינד, באַרויק זיך!
„איך ווייס, איך ווייס. לייג זיך שנעל".
„די אַקושערקע איז געקומען. דערזעענדיק מיך, האָט זי צו מיר געזאָגט: ס'וועט לאַנג נישט דויערן!
„איך האָב נאָך געוואָלט פאַרענדיקן מיינע מאכלים צום נייעם יאָר.
„די באָבע האָט מיך פאַרטראָטן.
„גאַנץ שנעל איז געקומען די דערלייזונג.
„דו ביסט געבוירן געוואָרן, און אָנשטאָט וויינען האָסטו געלאַכט פון דער גאַנצער וועלט.
„דיין באָבע, אַ צופרידענע, האָט דיך אַ נאָמען געגעבן הי, לוסטיקער".
„די געליבטע און דער געליבטער, זיי ביידע האָבן זיך געלייגט; בלוט מיט בלוט, האָבן זיי ביידע געשאַפן ניי בלוט, אַ ניי לעבן: זייער זון!

„דיין באָבע איז געווען שטאַרק צופרידן, ווייל ס'איז געבוירן געוואָרן אַ שיינער חתן פאַר אירס אַן אייניקל".
„וויאַזוי מאַמע? בין איך הייסט עס געווען אַ חתן איידער איך האָב אָנגעזען די וועלט! — האָב איך זי געפרעגט.
„די באָבע האַלט זיך ביי די טראַדיציעס. זי האָט אייך פאַרקנסט איידער איר זענט געבוירן געוואָרן.
„די טראַדיציע פאָדערט, אַז די ערשטע דערציונג זאָל מען באַקומען אין דער פאַמיליע.
„קינדער ווערן פאַרקנסט אין זייערע קינדערישע יאָרן.
„מען פלעגט זיי גאַנץ אָפט דערמאָנען וועגן דידאָזיקע

נדרים, וואָס מען האָט געגעבן אין זייער נאָמען. מען האָט זיי געהייסן דערויף מספּים זיין און זיך ליבן.

„די טראַדיציע האָט פאַרלאַנגט, אַז יאָרנלאַנג פאַר דער חתונה, זאָל דער יונגערמאַן און דאָס יונג מיידל זיך פילן פאַרייניקט.

„די טראַדיציע האָט פאַרלאַנגט, אַז דער יונגערמאַן זאָל זיך צוגעוווינען צום רעאַלן לעבן מיט זיינע פליכטן, צו אַלע פאַראַנטוואָרטלעכקייטן און אויך צו אַלע פריידן.

„די טראַדיציע האָט געוואָלט, אַז דאָס יונג מיידל זאָל נישט ווערן באַלעסטיקט דורך קיין שום דאגות, דורך קיין שום אַנגסטן, דורך קיין שום קערפּערלעכע שוואַכקייטן און זי זאָל נישט אַרונטערפאַלן אונטער דער מאַכט פון פאַרשידענע נסיונות.

„אָט וואָס די טראַדיציע האָט געוואָלט.

„אַ קענגזייטיקן דרך-ארץ פון איינעם צום צווייטן!

„ליידער! נישט שטענדיק אַנטשפּרעכט די ווירקלעכקייט די באַגריפן פון דער טראַדיציע. די רגילות פאַרוואַנדלט זיך זייער אָפט אין טיראַניע. מען דאַרף האָבן חכמים, כּדי אויסצובעסערן און פאַרווענדן די מאַראַלע געזעצן.

„איך האָב געוווסט, אַז אונטער דער הערשאַפט פון מיין באָבען, וועט די טראַדיציע אייך שטיקן.

„וואָס האָב איך געקענט טאָן? צוליב שלום-בית האָב איך געפאָלגט. צוליב שלום-בית האָבן מיר זיך ביידע, איך און דיין טאַטע, געפאָלגט.

„דיין מומע, האָ, איז געגאַנגען צו קינד, און איך בין געווען אין זיבעטן חודש.

„דיין באָבע האָט געוואָלט, איר טאָכטער זאָל האָבן אַ זון און איך — אַ טאָכטער. מען וואָלט זיי ביידן פאַרקנסט נאָך זייער געבורט.

„דיין מומע, האָ, האָט געהאַט אַ מיידל.

„און דו ביסט אַ יינגל.

„און אָט זענט איר ביידע חתן-כּלה”.

„וואָס זאָגסטו, מאַמע צום דאָזיקן שידוך?”

„אונטער דער באָבעס הערשאַפט, איז דערדאָזיקער שידוך זייער אַ טרויעריקער.

„זי איז ווי די מלכּה, די אלמנה.

„זי פאַרווענדעט די געזעצן אויף אַנדערע, אָבער זי פאַר־ווענדעט זיי קיינמאָל נישט אויף זיך אַליין און זי פאַרווענדעט זיי אויך נישט אויף אירע מענטשן.

„זי פאָלגט קיינמאָל נישט די טראַדיציע.

„דאָך פאַראורטיילט זי, אין איר נאָמען, אַלץ וואָס ס'איז ניי.

„אָבער מען שווייגט.

„צוליב שלום בית און שטילקייט.

„דו האָסט אַ כּלה, און איך וועל האָבן אַ קליינע שוויגער.

„דו וועסט נישט האָבן אַזאַ איינע, טייערע מאַמע".

„לאָמיר שווייגן, צוליב שלום־בית און שטילקייט!

„דו ביסט געווען אַ קלוג קינד. דו האָסט קנאַפּ געוויינט.

„און דיין כּלה איז געווען אַ טאָכטער פון די לאָטאָס־בלומען, אויסגעוועבט פון ראָסע.

„דו האָסט גערעדט, איידער דו האָסט אָנגעהייבן גיין.

„זי האָט אָנגעהייבן גיין, איידער זי האָט גערעדט.

„דו האָסט געלאַכט.

„זי האָט געוויינט, די אָרעמע לאָזינע!

„איך בין געווען קראַנק. דו ביסט געווען מיט דער „מאַמאַ" אויאַן, בעת לאָזינע, נאָכן טויט פון איר מוטער, איז תּמיד געווען לעבן דער באָבען".

די באָבעס האָבן אָפּגעהאַלטן אַ נצחון!

דער קאָנסערוואַטיזם האָט געזיגט, נאָך די שחיטות און הריגות פון די קאָנסערוואַטאָרן.

די טראַדיציע האָט אויפגעהייבן דעם קאָפּ מער פון אַלעמאָל.

זשאָנג־לו, דער אָנפירער פון די קאָנסערוואַטאָרן און דער פּלעמעניק פון „דער באָבען פון דער נאַציע" איז געוואָרן אַ ראַטגעבער, הויפּט קאָנטראָלער אין קריגס־מיניסטעריום און

הויפט-אָנפירער איבער דער צפון-אַרמיי. ער איז געווען אַל-מעכטיק.

ווי איז צו אייך פּאַציפיסטישע רעפאָרמאַטאָרן!

אומגליקלעך זענען די, וואָס ליבן זייער פאָטערלאַנד!

„קואַנג-סיו, דער אָרעמער קעניג, געפאַנגען דורך „דער באָבע פון דער רעאַקציע" און דורך זשאַנג-לו, איז געזעסן אין זיין קליינעם פּאַלאַץ אויפן אינדזל און געוויס געטראַכט וועגן דעם גורל פון פעטער דעם גרויסן און וועגן דעם מאָדערנעם מיקאַדאָ, וועגן מיקאַדאָ דעם רעפאָרמאַטאָר. ענדלעך האָט ער געמוזט אַבדיקירן, באַשטימען זיין טראָן-פאָלגער און זיך אָנער-קענען אַלס אומלעגאַלער הערשער.

בעת דער יאַפּאַנישער קייזער, מוטסו-היטאָ, האָט דער-הייבן זיין נאַציע צו אַ מעכטיקער מדרגה

ווייל ער האָט געקענט צעקלאַפּן די רעאַקציע אין זיין לאַנד.

„אָבער דער אָנפירער פון די רעפאָרמאַטאָרן, קאַנג-יעו-ווּעי, וועלכער איז געווען פאַרטריבן אין יאַפּאַן, האָט געמאָלדן דעם 25-טן אַפּריל 1900, אַז די מלכה, די אלמנה און זשאַנג-לו זענען נישט אונדזערע הערשער.

זי איז בלויז אַ קעפּס-ווייב און ער אַ שקלאַף פון אַ פרי-ערדיקן מלך, וועלכע האָבן געפאַנגען דעם יונגן מלך, געפאַנגען און באַראַבעוועט.

„זיי האָבן נישט בלויז פאַרקויפט די נחלות, וואָס מיר האָבן בירושה פון אונדזערע אבות, נאָר זיי פאַרקויפן דאָס גאַנצע פאָלק".

די מלכה און די רעאַקציאָנערן האָבן געזוכט נקמה!

און די גרויסע מלוכות האָבן אָן שום צערעמאָניע צע-טיילט כינע אויף פּאָליטישע און עקאָנאָמישע ווירקונגס-ספערן אָדער אויף געשעפטס-זאָנעס.

דאָס פאָלק איז אומשולדיק.

עס גלויבט אַלץ, וואָס מען זאָגט עס.

אויס אַטאַוויזם, זענען דעם כינעזישן פאָלק פרעמד אַלע רעפאָרמען.

דאָס פאָלק האָט פיינט פרעמדע בטבע, לויטן מהות פון זיין ציוויליזאַציע.

די מלכּה האָט געהנפעט דעם גייסט פון די קאָנסערוואַטאָרן. זי איז געווען אַ פאַרביסענער שונא פון יעדע רעפאָרם; זי איז צוגעשטאַנען צו דער באָקסער-באַוועגונג.

„די באָקסער-סעקטע איז געווען אַ געהיימע געזעלשאַפט פון צפון-כינע.

געשטיצט דורכן רעאַקציאָנערן הויף, האָט זיך די באָקסער-באַוועגונג זייער שנעל פאַרשפּרייט.

די גרויסע מלוכות האָבן נאָר אויסגעקוקט אַזאַ מין באַוועגונג, כּדי צו מאַכן די לעצטע אָפּעראַציע איבערן כינעזישן אַרבוז.

זיי זענען געווען קעגן די רעפאָרמען פון דער צענטראַלער מלוכה. זיי האָבן צוגעהאָלפן אַראָפּצוואַרפן דעם קעניג קואַנג-סיו, דעם כינעזישן מוטסו-היטאָ. זיי האָט בעסער געשמעקט די רעגירונג פון די באָבעס, איידער די רעגירונג פון יונגע באַנייער. זיי האָט בעסער געשמעקט די מלכּה, די אלמנה טסעו-הי, איידער דער מלך קואַנג-סיו.

קואַנג-סיו איז זיי נישט געווען אויף דער האַנט.

די נאַציאָנאַלע רעאַקציע פאַרבינדט זיך תּמיד מיט דער אינטערנאַציאָנאַלער רעאַקציע.

די אינטערנאַציאָנאַלע רעאַקציע האָט געשטיצט די רעגירונג פון דער מלכּה, און די נאַציאָנאַלע רעאַקציע האָט פאַרפעסטיקט די מאַכט פון דער פאַמיליען-טראַדיציע!

אויף די פיס, אַרמיי פון די נקמה-נעמער!

די מלכּה איז געווען בלויז אַ שרעקעוודיקע געטין פון נקמה.

די באָקסערס זענען בלויז געווען בייהעלפער פון דער מלכּהס אַרמיי.

דער לאָזונג:

„פאַרטיידיקן די דינאַסטיע טסינג, פאַרטיליקן די אויסלענדישע טייוולאָנים".

די פאַרייניקונג פון די באָקסערס איז געווען זייער

פאַרייניקונג — אַ פאַרייניקונג פון די נקמה-נעמער און פון די זשאַנג-לוס!

„יאָ, האָט געזאָגט די מלכה, ס׳איז אַ גרויסע פאַריי-ניקונג".

און די באָבעס האָבן איבערגעחזרט דאָסדאָזיקע קעניג-לעכע וואָרט.

דער ערשטער טאָג פון דער פינפטער לבנה, אָך, ס׳אַרא שרעקלעכער טאָג!

פאָן-קעטעלער, דער דייטשער מיניסטער, איז דערהרגעט געוואָרן דעם 20-טן יוני 1900.

די אויפפירונג פון אויסערן-מיניסטעריום האָט געגעבן אָנצוהערן די פרעמדע לעגאַציעס, אַז ס׳עקזיסטירט קריגס-צו-שטאַנד. די אויסלענדער דאַרפן פאַרלאָזן די הויפט-שטאָט אין אַ משך פון 24 שעה.

דער אויפשטאַנד האָט זיך פאַנאַנדערגעפלאַקערט. צענ-טראַלע כינע און דרום-כינע איז אויסע-לעך רויק.

די גרויסע מלוכות באַשליסן אָנצונעמען שריט דעם 16-טן יוני.

אַן אינטערנאַציאָנאַלע קאָלאָניע, אָנגעפירט דורכן אַדמי-ראַל סער עדוואַרד סיימאָר, מאַרשירט אויף פעקין.

דידאָזיקע דעמאָנסטראַציע מאַכט קיין שום איינדרוק נישט אין הויף. דער הויף האָט אָבער געהאַט זיין בלוטיקע באַלוינונג.

די בייזע מלכה וויל שטערבלעך די מלחמה קעגן די אויסלענדישע טייוולאָנים.

זי ווערבירט די באָקסערס אין דער אַרמיי פון די נקמה-נעמער.

די גרויסע מלוכות האָבן אַרויסגעזאָגט זייער וואָרט דורך קוילנוואַרפער און האַרמאַטן.

די פאָרטן פון טאַ-קאָו און טיען-טסיען זענען גענומען געוואָרן דעם 14-טן יולי.

בלוט פליסט.

מען מאַרשירט אויף פעקין.

מען נעמט יאַנג-טסון דעם 6-טן אויגוסט.

מען דרינגט אַריין אין פעקין דעם 13-טן.

ביי די לעגאַציעס פון די זיגער, איז יום-טוב. דער באַזיגטער הויף, אין טרויער, איז דעם 14-טן אַנטלאָפן געוואָרן אויפן מזרח-וועג.

זשאַנג-לו מאַכט אַ פאָרשלאַג פון וואָפנשטילשטאַנד.

דעם פעלער האָבן באַגאַנגען די באָקסערס.

ווען אַלץ איז פאַרענדיקט געוואָרן, איז אָנגעקומען די אינטערנאַציאָנאַלע עקספּעדיציע, אונטער דער אָנפירונג פונם פעלדמאַרשאַל, גראַף וואַלדערסי.

די עקספּעדיציע האָט פאַרזיכערט די רויקייט אין פעקין.

די עקספּעדיציע הרגעט, הרגעט הרגעט...

„ס'איז אַ פאַרגעניגן צו הרגענען אַ כינעזער", האָט געזאָגט איינער פון זיי.

„איך האָב הנאה פון די מאַטעס און פון די קליינע פיסעלעך", האָט אַן אַנדערער געזאָגט מיט אַ סאַדיסטישן טאָן.

די ברונעמס זענען פול מיט מתים און די וואַסערן באַפאַרבט מיט בלוט.

נאָך איין אַרמיי פון די נקמה-נעמער, פון די ציוויליזירטע פעלקער! זי גנבעט, פאַרגוואַלטיקט, הרגעט, נעמט נקמה.

די מענטשן פון פעקין זענען געווען די אומגליקלעכסטע.

זיי זענען געווען די קרבנות פון די באָקסערס און פון די אינטערנאַציאָנאַלע מחנות.

פאַר די באָקסערס, וועלכע האָבן זיך צעבונטעוועט אונטערן איינפלוס פון הויף איז עס געווען אַ טויט-קלאַפּ.

וואָס שייך דעם הויף, האָט די מלכה אַרויפגעשלעפּט אויף כינע אַ קאָנטריבוציע פון 450 מיליאָן טאַעלס, וואָס מען האָט געדאַרפט באַצאָלן די גרויסע מלוכות.

ס'האָט גענומען אַ סוף צום אינצידענט.

די גרויסע מלוכות זענען געווען צופרידן.

די מלכה און איר געפאַנגענער, דער מלך קלאַנג-סיו, זענען פייערלעך אָנגעקומען קיין פעקין, דעם 7-טן יאַנואַר 1902.

און אויף די פלייצעס פונם כינעזישן פאָלק:
21 מיליאָן טאַעלס פאַר דער אָפּיום-מלחמה,
16 מיליאָן 500 טויזנט פאַר דער „בויגן-מלחמה“,
200 מיליאָן פאַר דער כינעזיש-יאַפּאַנישער מלחמה,
און די 450 מיליאָן מיט צינזן אויף 39 יאָר
צוזאַמען 980 מיליאָן טאַעלס.
אָרעם פאָלק, עס האָט געדאַרפט צאָלן, צוליב דער פאַנ-
טאַזיע פון איר „באַבע“ מער פון אַ מיליאַרד טאַעלס מלחמה-
קאָנטריבוציע.
אָרעם פאָלק, עס האָט געדאַרפט באַצאָלן פאַרן שלום!
ווער צאָלט דען, אמת גערעדט?
די ערד, און דער פויער.
מיין באָבע, פונקט ווי די מלכה, די אלמנה צאָלט גאָרנישט.
ווילן זיי דעם שלום? זיי גייען קיינמאָל נישט אויפן וועג
פון שלום.
זיי האָבן זיך זייער קליין קלויסטערל.
דאָרט טוען זיי תּפילה צווייטמאָל אַ טאָג.
זיי בעטן פאַרן שלום, אינם טעמפּל פון שלום.
זייער אָפּגאָט איז אַ קואַן-אין.
זיי זענען בודיסטינס, בעת זיי געפינען זיך אין בודיסטי-
שע טעמפּלען און פאַר בודאַס.
זיי זענען טאַאָיסטינס, בעת זיי באַזוכן די טאַאָיסטישע
טעמפּלען און פאַר די פאָרשטייער פון טאַאָ.
זיי זענען איבערגעגעבן צוויי אָדער דריי רעליגיעס.
כינעזער האָבן קיינמאָל נישט קיין ערנסטע באַציונג צו
רעליגיע, אָבער זיי דינען צו געטער פון אָבערגלויבן.
מיט קטורת, מיט ליכט, מיט באַזילבערטע און באַגילטע
פּאַפּירן, גייען די באָבעס אומעטום.
זיי גיבן גרויסע נדבות אויף טעמפּלען פון דריי רעליג-
יעס, וועלכע האָבן פאַרשידענע געטער.
דידאָזיקע געטער זענען צווישן זיך נישט אין אַזעלכע

גוטע באַציונגען, ווי זייערע פאַרהערערינס. זיי זענען אין שטענ־
דיקן קאָנפליקט!

„נאָך זייער טויט וועלן זיי זיין געטינס פון דידאָזיקע
אַלע טעמפּלען: די בודיסטישע, טאַאָיסטישע, מאַכמעדאַנישע
אַ. ז. וו...

צי וועלן זיך די געטער הרגענען, כדי צו באַקומען זיי־
ער נשמה?

וועלן זיי צעטיילן זייערע גייסטיקע אַטאָמען, אָדער זיי
וועלן פאַרמערן זייער „פאַרדאָפּלונג״?

זיי וועלן זיין גוטע רודף־שלומניצעס. זיי וועלן פאָרלייגן
די מלחמה־געטער אַ הימלישע רעפּובליק.

זיי וועלן האָבן זייער גאַנצע נשמה.

די קעניגרייך פון גייסט וועט מער נישט זיין צעטיילט
אויף טויזנטער באַגרענעצטע חלקים, אין די קלויסטערס.

וואַרטנדיק אויף דערדאָזיקער רעפּובליק פון די געטער,
צאָלן זיי דערווייל זייערע פּריסטן...

זיי ברענגען אָפּטמאָל אַראָפּ באַנזעה און טאַאָסעס אין שטוב
אַריין, כדי דערנאָך צו זאָגן תּפילות פאַר די טויטע און פאַר
די לעבעדיקע.

אָט אַזאַ מלחמה־קאָנטריבוציע האָט די מלכּה און מיין
באָבע באַצאָלט.

אָבערגלויביק זענען זיי ביידע: איינע אין דעם קאָפּ פון
דער נאַציע, די צווייטע אין האַרצן פון דער נאַציע, — אין דער
משפּחה.

נישט געקוקט אויף די טעגלעכע תּפילות פון מיין באָ־
בען, איז מיין קוזין, יען־טשאַנג, וועלכן זי האָט געליבט, געשטאָרבן.

פאַר איר איז עס געווען אַ פאַרשווונדענער שטערן.

ווי איז צו אייך אַלע, ווייל איר קענט נישט צעשטערן
דידאָזיקע פאַטאַלע טראַגעדיע.

דער שטאַם פון מיין פעטער זשו־לין איז אויסגעלאָשן
געוואָרן.

מיר אַליין זענען פאַרבליבן זיינע יורשים.

די באָבע האָט נישט געוווּסט וואָס צו טאָן.

ענדלעך, איז זי עובר די ריטועלע מנהגים און טרעט מיט די פיס די טראַדיציע, וואָס זי האָט אונדז געהייסן אָפּהיטן.

זי שיט מיט פייערלעכע צערעמאָניעס, וואָס די טראַדיציע פאַרווערט פאַר אַ קינד פון אַכט יאָר.

זי גיט דעם יונגן פאַרשטאָרבענעם איר טרומנע.

(אין כינע גרייטן אָן זקנים פאַר זיך אַ טרומנע בעתן לעבן)

זי באַקליידט אים ווי אַ מאַנדאַרין.

זי באַגראָבט אים אויפן פאַמיליען בית-עלמין.

לויט דער טראַדיציע, אויב אַ קינד שטאַרבט אונטער זעכצן יאָר, האָט עס נישט קיין רעכט אויף קיין סאָסנאָווע טרומנע און אויף קיין בגד פון אַ דערוואַקסענעם. מען טאָר עס אויך נישט באַערדיקן אויפן פאַמיליען בית-עלמין.

די באָבע אָבער מעג אַלץ.

באמת, זי איז ווי די מלכה, זי טוט אַלץ. זי וויל אַלץ. זי קען אַלץ.

# קאַפּיטל נײַן

**מײַן טאַטע פֿאָרט אַוועק קײן האַן-טשעו. — מײַן ברודער וואָדס-געבורט. — מײַן טאַטנס טויט. — דער טויטן-טאַנץ.**

פֿון דער באָקסער-מלחמה אָן האָט כינע געענדערט איר פּיזאָנאָמיע.

די טראַדיציע איז אָפּגעשטאָרבן.

וואַלדערסיס אַרמײַ האָט געפּאָדערט טויט-שטראָף פֿאַר די הויפּט-שולדיקע אין דער קסענאָפּאָבישער באַוועגונג, חוץ דער מלכּה און זשאָנג-לו, וועלכע זענען געווען מער שולדיק פֿון אַלע.

דער פּירשט טואַן און זײַן ברודער זענען פֿאַרשיקט געוואָרן.

זשאָנג-לו איז געשטאָרבן.

די טראַדיציע איז נישט פֿאַרשוווּנדן געוואָרן.

די מלכּה, אַליין, קומענדיק צוריק פֿון „גלות", אָנגעלערנט דורך די האַרמאַטן און קוילוואַרפֿער, האָט אָנגעהייבן צוצורעדן צו רעפֿאָרמען.

די קעפּ פֿון דער רעאַקציאָנערער פּאַרטײ, שטרענגע טראַדיציאָנאַליסטן זענען נעלם געוואָרן.

ס'האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז מען גייט אויפֿן וועג פֿון פּראָגרעס.

מײַן פֿאָטער איז געווען צופֿרידן. מײַן באָבע האָט

באַקלאָגט די מפּלה פון די באָקסערס, געזידלט די מערב-באַר-באַרן און די רעפאָרמאַטאָרן, די שוטים.

נישט לאַנג וואַרטנדיק, האָט די מלוכה ווידער אָנגענומען איר פּראָגראַם פון 1898, און דער קעניג איז כסדר געזעסן אין תפיסה, אין אינג-טאַי.

מיין פאָטער האָט געוואָלט ברענגען נוצן זיין נאַציע.

דער פאַראָרעמטער הויף האָט געזוכט געלט. מען האָט פאַרקויפט אַמטן פאַר געלט.

מיין פאָטער האָט געקויפט אַן אַמט פאַר טויזנט כינעזי-שע דאָלאַרן.

ער האָט אַרויסגעשטעלט זיין קאַנדידאַטור פאַר אַ וויצע בורגמיסטער אין טסיען-טאַנג, אין דער פּראָווינץ טשע-קיאַנג.

ער האָט געוואָלט זיין אַ מאָדערניזירטער מאַנדאַרין.

ווען ער איז געוואָרן וויצע בורגמיסטער האָט אים אַ גרויל אַרומגענומען פונם שימל, וואָס איז געלעגן אין דער אַדמיניסטראַציע.

אַלץ האָט מען געקענט אויספירן דורך פּראָטעקציע, געלט און קאָמבינאַציעס.

אין דער גרויסער הויפטשטאָט איז ער בלויז געווען אַ קליינער באַאַמטער. ער האָט געמוזט מיט יראת-הכבוד באַדינען זיינע עלטסטע און אַפילו זייערע געליבטע ווייבער.

זיינע עלטסטע זענען ס'רוב געווען זיין פאָטערס פריינט. רעפאָרמען?

דאָס האָט מען געקענט זיך אַרויסשלאָגן פון קאָפּ.

דאָך האָט מיין פאָטער געקויפט דעם אַמט פון אַ וויצע בורגמיסטער, כדי צו קענען פאַרווירקלעכן די רעפאָרמען אין זיין אַדמיניסטראַציע.

ס'איז אים אָבער נישט געלונגען.

ער איז נישט געווען צוזאַמען מיט מיין מוטער.

די טראַדיציע דערלויבט נישט, אַז אַ זון זאָל פאַרלאָזן זיין מאַמע. אָט דעריבער בלייבט מיין מאַמע מיט מיין באָבען.

אויפֿן אָרט פֿון מיין פֿאָטער, היות זי האָט נישט געוואָלט אָכגיין נאָך איר זון, ווי די טראַדיציע פֿאָדערט — זי זאָל זיך נוהג זיין נאָכן טויט פֿון איר מאַן.

ווען אַ פֿרוי איז יונג און האָט נישט קיין מאַן, גייט זי נאָך איר טאַטן. ווען זי האָט אַ מאַן, גייט זי נאָך איר מאַן. ווען זי איז אַן אַלמנה, גייט זי נאָך איר זון. אָט אַזוי קוקט אויס די קאָנסטיטוציאָנעלע טראַדיציע פֿון דער משפּחה.

מיין באָבע היט נישט אָפּ די טראַדיציע.

מיין טאַטע איז געקומען אונדז באַזוכן. פֿריער פֿלעגט אַ נסיעה דויערן אַ חודש צייט, אָבער היינט, מיט דער אייזנבאַן — בלויז איין טאָג.

איך האָב זיך געוואָרפֿן אין זיינע אָרעמס. מיין קליין שוועסטערל, טסי-און (פֿרילינג), האָט אויך געטאָן דאָסזעלבע.

ער האָט אונדז ביידן געטראָגן: מיך אויף דער רעכטער האַנט, איר, אויף דער לינקער.

מיין טאַטע האָט אונדז געליבט.

ער האָט זיך דערוווּסט, אַז איך לייען אַ סך און אַז איך פֿאַרפֿאַס אָריגינעלע פּראָזע.

איך בין אַלט געווען פֿינף יאָר.

ער האָט די גאַנצע צייט געשמועסט מיט מיין מוטער.

זיי האָבן געהאַלטן אין איין שמועסן אויג אויף אויג!

צעשיידונג איז אַ וויכטיקע זאַך אינם לעבן פֿון מאַן און ווייב. צעשיידונג איז דער ווינטער, וואָס מאַכט הכנות פֿאַרן פֿרילינג און פֿאַרן זומער פֿון דער תּאווה.

מיר, קינדער, האָבן געקוקט און זיך צוגעהאָרכט.

איך האָב זייער שוואַך פֿאַרשטאַנען די איינצלנע פּראָזן.

„די באָבע......"

„די מלכּה......"

מיין פֿאָטער האָט געבעטן די באָבע זאָל אַזוי גוט זיין און פֿאָרן מיט אים אין טסיען-טאַנג.

און זי האָט געזאָגט:

„איך וועל קיינמאָל נישט פֿאַרלאָזן מיין היים.

„איך האָב אַפילו נאָך מיין מאַן אַמאָל נישט נאָכגעפאָרן קיין פעקין.

„אַדעליקע פאַרלאָזן נישט זייער היים.

„ניין, ניין, איך וועל מיט דיר נישט פאָרן.״

מיין פאָטער האָט ווידער אַמאָל געמוזט אַוועקפאָרן איי־נער אַליין און איבערלאָזן מיין מוטער לעבן דער באָבען. ס׳איז געווען די לעצטע צעשיידונג!

נאָך מיין פאָטערס אַוועקפאָר איז מיין מאַמע געווען שוואַנגער מיט מיין קליין ברודערל וואָאָד.

מיין קליין שוועסטערל פריילינג איז געשטאָרבן האַרבסט־צייט. דאָס איז געווען אַ קלוג מיידעלע פון פיר יאָר.

דער נייער כינעזישער יאָר פון 1906! ס׳איז געקומען אַ סוף צו דער רוסיש־יאַפּאַנישער מלחמה.

דאָס לאַנד פון דער מאַנדזשורער דינאַסטיע איז געווען דאָס שלאַכט־פעלד פוןביידע מלוכות.

נאָך דער מלחמה פון די באָקסערס, האָבן די גרויסע מלוכות נישט געקענט קומען צו קיין פאַרשטענדיקונג בנוגע כינע. צוויי פון זיי: רוסלאַנד און יאַפּאַן האָבן זיי אַנגערייצט קעגן איינאַנדער.

אויף דער כינעזישער ערדע זענען געשטאַנען צוויי קעגנערישע צדדים.

דער פראַנצויזיש־רוסישער פאַרבאַנד.

דער ענגליש־יאַפּאַנישער פאַבאַנד.

אַמעריקע און דער דריי־פאַרבאַנד האָבן מיט אומגע־דולד, ווי פאַראינטערעסירטע צוקוקערס, באַטראַכט די געשעענישן.

נאָך דער מלחמה האָבן רוסלאַנד, יאַפּאַן, ענגלאַנד און פראַנקרייך פאָרמירט אַ פאַרבאַנד. דידאָזיקע פיר מלוכות זע־נען צווישן זיך דורכגעקומען בנוגע די כינעזישע און אַזיאַטישע ענינים

ווער וועט באַצאָלן מלחמה־אַנטשעדיקונג?

פאַרשטייט זיך, אַז כינע. זי איז די אַרענע און זי דאַרף באַצאָלן פאַר די אָקסן און פאַר די טאָרעאַדאָרן.

און די כינעזער זענען די קרבנות פונם אָקסן-קאַמף.
זיי זענען נאַראָנים, אַז אָך און וויי איז צו זיי!
ווער טראָגט די אחריות פאַר אַן ערד-ציטערניש?
איז דען עמיצער שולדיק דערין? ס'איז דאָך אַ שפּיל פון גאָט.
און אַ מלחמה, דאָס איז אַ שפּיל פון מלוכה-לייט!

„אין אַזיע, — האָט געזאָגט זשעראַר, — בעסער גערעדט, אויף דער אַזיאַטישער קאָוואַדלע איז אויסגעקלאַפּט געוואָרן דער פעסטער שטאָל פונם דריי-פאַרבאַנד”.

הויפּטזעכלעך נאָכן אַמעריקאַניש - יאַפּאַנישן טראַקטאַט אין 1908.

מען האָט אַזויפיל גערעדט וועגן דער רוסיש-יאַפּאַנישער מלחמה.

דאָס איז געווען דער ערשטער טיפער איינדרוק אין מיין קינדערישן זכרון.

מיין ברודער און איך זענען מיר ביידע געגאַנגען זוכן פעטאַרדעס, כדי צו פירן מלחמה, לכבוד דעם כינעזישן ניי-יאָר.

מיר האָבן געמאַכט אַ גרויסן גערויש.

די באָבע האָט אונדז פאַרווערט אויפצורייסן די פעטאַרדעס, ווייל זי האָט נישט ליב געהאַט קיין מלחמות. זי איז געווען אַ רודף-שלומניצע, זי האָט פיינט געהאַט בלוט. פון פערציק יאָר אָן איז זי געווען אַ וועגעטאַריאַנקע.

אָבער מיר האָבן געהאַט גרויס חשק צו זיין זעלנער און פאַרטיידיקן דאָס פאָטערלאַנד.

אין שאַנכאַי איז דערשינען די ערשטע ציטונג. מיין פעטער האָט געלייענט. ער האָט אונדז דערציילט אַלץ, וואָס ס'איז פאָרגעקומען. מיר זענען געווען שטאַרק נייגעריק צו וויסן, וואָס מען שרייבט אין דערדאָזיקער ציטונג.

אויפן פופצנטן טאָג נאָך ניי-יאָר, ביי אַ פולער לבנה, האָט מען געפייערט דעם יום-טוב פון לאַמטערנעס. מיר קינדער, האָבן אַרויסגעלאָזט אין גאַס פאַפּירענע שילדקרעטן, זשאַבעס,

דראַכמען, פיש און לאַמטערנעס פון פאַרשידענע אויסטערלישע פאָרמען, אַלע באַלויכטן.

כדי צו באַווייזן אונדזער מלחמה-לוסט האָבן מיר גע־וואָרפן דריי גרויסע פעטאַרדעס.

די פונקען האָבן אָנגעצונדן אונדזערע שיינע לאַמטערנעס.

מיר האָבן נישט געוווסט, אַז די מלחמה צעשטערט אַלץ.

מיר זענען אַוועק אַ היים עסן יואַן-סיאָאָ (אַ מאַכל פון טרוקענע פירות און שמאַלץ, ספּעציעל צוגעגרייט צום יום-טוב פון די לאַמטערנעס).

בלויז יום-טוב פלעגט די באָבע עסן צוזאַמען מיט אונדז.

מיין מוטער האָט געבוירן מיין קליינעם ברודער מיט זיבעצן טעג צוריק.

אַ חודש צייט האָט זי נישט געטאָרט פאַרלאָזן איר צימער.

מיר האָבן דערהערט האַסטיקע קלעפּ אין טיר.

גלייכצייטיק האָבן די הינט אָנגעהייבן צו בילן.

ווען מיר האָבן אויפגעעפנט, איז דאָס ליכט פונם זאַל געפאַלן אויף אַ בריוו-טרעגער, וועלכער איז געשטאַנען ביי דער שוועל.

ער האָט אונדז דערלאַנגט אַ דעפעשע און אַוועקגעגאַנגען.

„אַ דעפעשע!"

זעלטן ווען האָבן מיר באַקומען דעפעשעס.

אַלע האָבן געשטוינט.

די באָבע האָט אָנגעהייבן צו לייענען.

די לעצטע ווערטער האָט זי נישט געקענט אַרויסריידן, נאָר זי האָט געמורמלט.

און זי האָט געוויינט.

מיר האָבן געוויינט, נישט וויסנדיק פאַרוואָס, אָבער מיר האָבן געפילט, אַז ס'האַנדלט זיך וועגן אַן ערנסטן ענין.

ענדלעך האָט זי אַרויסגעזאָגט:

„אָרעמער יוען-לין, וואָס מיט דיר איז געוואָרן!"

דעמאָלט האָט אונדז דער צוועלף-יעריקער ליען דייטלעך איבערגעלייענט דעם אינהאַלט:

„ערנסטע קראַנקהייט. שיקט ליענען".
מיין מוטער האָט עס דערהערט אין איר צימער.
אַלע אין שטוב האָבן אָנגעהייבן צו טומלען, הויפּטזעכ־
לעך מיין באָבע. מיין מוטער איז געווען רויק.
זי האָט געטראַכט און געטראַכט.
זי איז געווען שוואַך, זי האָט נישט געקענט פאָרן צו
מיין פאָטער, אָבער זי האָט שטאַרק געגלויבט, אַז איר מאַן
וועט געזונט ווערן.
זי האָט תיכּף אַריינגערופן די באָנע פון מיין פאָטערס
קינד. ווייל זי האָט זיך געקענט באַגיין מיט אַ קראַנקן, וועל־
כער האָט זיך אין דער פרעמד געניייטיקט אין פלעגונג.
זי האָט געדאַרפט פאָרן מיט ליענען.
זי איז געווען אַ פרוי אין יאָרן, וועלכע האָט קיינמאָל
נישט פאַרלאָזט איר היים, און ליען איז געווען אַ קליין יינגל.
מען האָט געדאַרפט האָבן אַ מאַנסביל.
מיין מוטער האָט פאָרגעלייגט איר קוזין סון, מיין טאַטנס
אַ פריינט.
מיין באָבע האָט געוואָלט, אַז אַ געוויסער טשאַנג זאָל
באַגלייטן מיין ברודער.
פאַר פיר פערזאָנען האָט זיך געפאָדערט אַ דינער.
און אָט זעננען פינף מענטשן אַוועקגעפאָרן קיין האַן-טשעו,
אויפצומאָרגנס נאָך יום-טוב.
מיין מוטער האָט זיך שטאַרק געדאגהט, וואָס לעבן מיין
פאָטער האָט זיך נישט געפונען קיין גוטע פעלדשערין.
אין אַזאַ מין קאָמפּאַניע וועט זיך מיין פאָטערס צושטאַנד
פאַרערגערן, אָנשטאָט זיך צו פאַרבעסערן.
מיין פאָטער איז געלעגן קראַנק אין קייזערלעכן פּאַלאַץ.
(אין כינע געפינט זיך אַ מלוכה-פּאַלאַץ אין יעדער פּראָ־
ווינציעלער שטאָט, וואָס דינט אַלס אָפּרו-פּלאַץ פאַר די הער־
שער פון דער פּראָווינץ).
יעדן טאָג האָט ער אויסגעשפּיגן עטלעכע גלעזער בלוט.

ער איז אויסגעגאַנגען פון טירחה, פון בענקשאַפט און פון אַנגסט פאַר זיין פאָטערלאַנד.

די הויפּט־סיבה:

מען האָט אים פאַרבעטן צו זיין שעף, כדי צו פייערן דעם יום־טוב פון די לאַמטערנעס

ער איז געווען אַ שלעכטער טרינקער.

אָבער אַז דער עלטערער הייסט?

דאַרף מען טרינקען צוליב זיין פאַרגעניגן.

בעת די קעפּס־ווייבער זאָגן:

„ווי שיין איר זענט! ס'אַראַ זעלטענע טרינקער די לי־טאַי־פּע זענען!"

דעמאָלט דאַרף מען טרינקען.

ער האָט געטרונקען, ווייל מען האָט אים געצוווּנגען. ער האָט תיכּף דערפילט, אַז ס'איז אים נישט גוט.

אויפצומאָרגנס האָט ער זיך אַריינגעלייגט אין בעט; ס'איז געווען ערב יום־טוב.

אַלץ האָט זיך צונויפגעצויגן אין זיין אָרעמען קערפּער און אין זיין שווערן קאָפּ.

אַלס רעפאָרמיסט האָט ער געוואָלט שלאָגן די טראַדיציע און ווערן אַן אָרנטלעכער מאָדערניזירטער מאַנדאַרין; אָבער די טראַדיציאָנעלע סביבה האָט אים געשלאָגן און ער איז געוואָרן איר געפאַנגענער.

אַלס רעפאָרמיסט האָט ער נישט געהאַט קיין דרייסטקייט צו דערלאַנגען אין קאָפּ דער טראַדיציע.

אַלס רעפאָרמיסט האָט ער זיך געוואַקלט פאַר די רעוואָ־לוציאָנערע מיטלען.

די נאַרישע פּאָליטיק האָט כּסדר געהערשט אין הויף.

די גאַנצקייט פון דער מלוכה איז געשטאַנען אונטער גרויס סכּנה.

און די פאַמיליע?

צוויי שטרעבונגען זענען אַריינגעטראָטן אין קאַמף.

פון דער באָבע און פון די קינדער.

ער האָט געטראַכט פון מיין אָרעמע מאַמע, אַ מאַמע פון פיר קינדער.
ער האָט געטראַכט פון זיין מוטער, וועלכע האָט זיך בישט געלאָזט איבעררײדן.
ער האָט דערזען ליענען אַ גרויסן, אַ דערוואַקסענעם.
ער איז געווען צופרידן.
ער האָט דערהערט רעדן די באַנגע פון זיינע קינדער־יאָרן.
ער איז געווען אַ טרוימער.
ער האָט דערקענט זיין פריינט און זיין חבר פון שולע.
ס'איז געווען פאַר אים אַ גרויסע פרייד.
ווען ער האָט דערזען זיין באָבעס אָנפאַרטרויטן, איז זיין גאַנצע שמחה אָפּגעקילט געוואָרן.
זיין צושטאַנד האָט זיך פאַרערגערט אינם זעלבן אָוונט.
אין שטוב האָט מען דערהאַלטן נאָך אַ דעפּעשע.
„די קראַנקהייט פאַרערגערט זיך".
דער קליינער וואָאָד האָט געוויינט, ווייל די מאַמע האָט געהאַט קנאַפּ מילך.
מיין מוטער האָט געטראַכט פון מיין פאָטער.
איך און מיין שוועסטער זענען מיר געווען לעבן איר, ביידע שטום.
זי האָט געשיקט מיליאַרדן געדאַנקען־כוואַליעס, כּדי צו העלפן מיין טאַטן, וועלכער איז געווען קראַנק פונדערווייטנס.
מיין פאָטער האָט געטראַכט פון מיין מוטער.
אַרום אים האָבן זיך געפונען: ליען, מאַדאַם ליו, סון און טשאַנג.
אין זיין זשורנאַל פון „אַן אומגליקלעכן מאַנדאַרין", האָט ער געשריבן:
„די טראַדיציע איז אַ באַרג"...
„היינט קען איך זיין הויכקייט און זיין משא".
ער האָט געטראַכט פון דער לאַסט, וואָס מיין מאַמע וועט טראָגן נאָך זיין טויט.
ער האָט געקרעכצט.

אַזויפיל געדאַנקען, אַזויפיל צרות, אַזויפיל קרעכצן!

ענדלעך, האָט אונדז ליען געמאָלדן וועגן אונדזער פאָטערס טויט.

די אויפ־רעגונג איז אַ שטאַרקע.

מיינע ליידן זענען שטילע.

מיין שוועסטער וויינט באַוווסטזיניק.

די פּאַרווייניטע פאַמיליע נעמט אויף וויזיטן.

די באָבע איז אין אַ צושטאַנד פון אויפרעגונג.

מיין מוטער, עטוואָס פאַרוויינט, האָט געטרייסט איר שוויגער.

פאַר מיין מוטער איז עס געווען אַ שווערער קלאַפּ, אָבער זי האָט באַהערשט איר טרויער. זי האָט באַגראָבן אירע לאַנגע טרערן אין איר האַרצן.

דער אָרעמער וואָאָד, אַ יתום פון צוויי חדשים, האָט געוויינט.

מיין מוטער האָט דעפּעשירט צו ליענען, געבנדיק אים אינסטרוקציעס וועגן דער באַערדיקונג, וועגן איבערפירן די טרומנע און וועגן די ריטועלע מנהגים.

אין שטוב האָט מען פאַרוואַנדלט דעם זאַל אין אַ מתים־טעמפּל.

פריינט און קרובים האָבן געשפּרייזט אַהין און צוריק.

מען האָט זיי געדאַרפט מאַכן אַ סעודה.

די באָבע, נאָכן טויט פון מיין פאָטער, האָט אַרויפגעלייגט די גאַנצע לאַסט פון דער הויזווירטשאַפט אויף מיין מוטער.

מיין מוטער, האָבנדיק אַ פול האַרץ מיט טרערן, האָט מסכים געווען.

אויף צומאָרגנס נאָכן טויט פון מיין פאָטער, האָט די באָבע אויסגערעדט מיין מוטער פאַר אַלעמען אין די אויגן:

„ס'טוט דיר הנאה, וואָס דיין מאַן איז געשטאָרבן, ווייל דו וועסט פון איצט אָן קענען טאָן וואָס דו ווילסט. מען זעט אַפילו נישט קיין טרער אויף דיינע אויגן".

ווייל לויט מיין מוטערס באַפעל, האָט דער דינער גע־קויפט מיט אַ פּאָר אונציעס קרויט מער.

ווייל זי האָט נישט געהערט, ווי מיין מוטער וויינט.

מיין מוטער האָט זיך געשטעלט אויף די קני און גע־בעטן מחילה פון אָוונט אָן ביז האַלבע נאַכט.

מיין מוטער, אַ פרוי אין די דרייסיקער, האָט געמוזט זאָגן:

„איצט ווייס איך וואָס ס'איז אַזוינס טויט" !

איינמאָל האָב איך זי אַ פרעג געטאָן, זי זאָל מיר אַרויס־זאָגן עטלעכע געדאַנקען בנוגע דעם טויט פון מייז פאָטער.

זי האָט געזאָגט:

„איך בין אין האַרץ פונם טויט, איך בין אויפן העכסטן שפּיץ פון ליידן.

„אָבער איך האָף . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

„מיט די לעצטע געדאַנקען וועגן אייער אָרעמען פאָטער, איז מיין האָפענונג אין אייך".

מיין טויטן פאָטער האָט מען געבראַכט צופירן פונם קייזערלעכן פּאַלאַץ פון האַן-טשעלי, דורכן גרויסן קאַנאַל. אין אַ חודש אַרום איז ער אָנגעקומען.

די טרויער-שיף איז געשטאַנען אין פּאָרט. מיר אַלע זענען אַהין אַוועק.

די טרומנע האָט אָפּגעטיילט מיין פאָטער פון מיין מוטער.

אין זיין היימלאַנד האָבען אַלע מיין פאָטער ליב געהאַט.

אַ געררויש !

אַ ווידער-קול !

געוויינען !

דער הימל טריב, די גאַנצע שטאָט אין טרויער.

ערב דער לוויה האָט מען איינגעאָרדנט אַ פייערלעכע צערעמאָניע לכבוד די פאַרשטאָרבענע מאַנדאַרינען.

אינם טויטן-הויז האָבען זיך פאַרזאַמלט דריי הונדערט געלערנטע, כּדי אויסצופירן דעם טויטן-טאַנץ.

מען האָט אָנגעהייבן צו לייענען אַ לויב-געזאַנג פאַרן מת.

דער רעדנער איז געווען לי, אַ ברודער פון אונדזער מומע און מיין פּאָטערס אַ תּלמיד.

אויסהאָרכנדיק אים, האָב איך געוויינט די גאַנצע צייט.

מיר זענען געשטאַנען אויף די קני מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ.

נאָכדעם האָט זיך אָנגעהייבן דער גרויסער טויטן-טאַנץ.

יעדער איינער האָט געהאַלטן אַ לאַמטערנע אין דער האַנט, אין דער פאָרם פון אַ לאָטאָס-בלום.

מען האָט באַלויכטן דעם זאַל און אָנגעצונדן די לאמ-טערנעס פון די טענצער.

די מוזיק איז געווען אַ ריטמישע, און טרערן האָבן באַ-גלייט די טריט.

ערנסט, פאַרדאגהט, פאַרטראַכט זענען געווען די טענ-צער, בעת זיי האָבן זיך געהייליקט דעם טויט.

גאָט וויינט.

זיי שטעלן זיך אין איין שורה, זיי קרייצן זיך, זיי באַ-העפטן זיך, זיי צוטיילן זיך.

ס׳איז געווען אַ באַגריסונג.

און וויפל סימבאָליזם!

ס׳איז אַ הייליקער טאַנץ!

כינע האָט אַ סך אויפגעטאָן פאַר אירע מתים.

די קונסט פאַר לעבעדיקע איז נישט אַזוי שיין ווי די קונסט פאַר טויטע אין כינע.

מיין מוטער האָט באַערדיקט מיין פאָטער אויפן גרינעם בערגל, וועלכער האָט אַראָפּגעקוקט אויפן שרעקלעכן וואַסער-פאַל פונם גרויסן טייך, אונטער אַ הימל פון באַוועגלעכער בלויקייט.

מען האָט באַקומען דעם איינדרוק, גלייך אַלץ וואָלט צו אונדז גערעדט:

„די לעצטע טרייסט!"

---

# קאַפּיטל צען

## מיין מוטער, די באַלעבאָסטע פון שטוב, איז קראַנק.

פון איצט אָן האָט מיין מוטער געדאַרפט אַרויפשטייגן אויפן „באַרג פון די מעסער.״

טאָג ביי טאָג פלעגט זי אַרויפשטייגן.

בעת מיין פאָטער לאָזט זיך אַראָפּ שלאָפנדיק אַלץ טיפער און טיפער.

ער אַליין געניסט פונם שלום.

דאָס זענען צוויי וועלטן.

די וועלט פון מיין פאָטער, — איז די וועלט פון מנוחה, די משפּחה, וואָס קומט צוריק.

אָבער מיין מוטערס וועלט, איז די מאַטעריעלע וועלט.

כּדי צו לערנען דאַרף מען האָבן, חוץ מנוחה און שלום, אויך אַנדערע זאַכן.

מען דאַרף עסן.

דער מענטש איז שוין נישט אין פּרימיטיוון צושטאַנד.

מען דאַרף זיך באַקליידן.

ענדלעך, דאַרף מען האָבן אַ וווינונג.

הויפּטזעכלעך, בעת מען איז צוזאַמען.

בשעת די באָבע האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די באַלע־באַטישקייט אויף די פּלייצעס פון דער אלמנה מיט פיר

קינדער, האָט זי איר דעמאָלט נישט אַוועקגעגעבן אַלץ, וואָס זי האָט פֿאַרמאָגט.

זי האָט פֿאַרהאַלטן אַ העלפֿט פֿונעם משפּחה־פֿאַרמעגן.

פֿון דער צווייטער העלפֿט האָט מיין מוטער געדאַרפֿט האָבן אויף אַלע הוצאות.

פֿאַר אַ בירגערלעכער פֿאַמיליע פֿון ניין פּערזאָן.

מיין פֿאָטער, אַן אָרנטלעכער, אַרבעטזאַמער מאַנדאַרין, האָט איבערגעלאָזט חובות.

זיין טויט האָט אונדז אָפּגעקאָסט אַ פֿאַרמעגן.

מיין מוטער, מיט איר באַגרענעצטער הכנסה, האָט זיך נישט געקענט פֿאַרגינען צו עסן רייז.

מיין מוטער איז קראַנק געוואָרן, געפֿערלעך קראַנק געוואָרן. זי טראַכט.

זי טראַכט און טראַכט.

טראַכטנדיק, ליידט זי.

ביינאַכט שלאָפֿט זי נישט, זי וויינט.

איר קאָפּ איז אַ קעניגרייך פֿון דאגות.

די הכנסה ווערט קלענער, די הוצאות — גרעסער.

זי איז קראַנק, געפֿערלעך קראַנק.

יעדן טאָג, ווען די טיר עפֿנט זיך און איך דאַרף גיין איינקויפֿן, זאָגט זי צו אונדז:

איך דאַרף האָבן גאַנץ ווייניק, זייער ווייניק.

„איך וויל עסן ווייסן רייז.

„איר דאַרפֿט עסן פֿלייש און פֿיש.

„איר האָט נאָך רעכט צו פֿאָדערן.

„איך וויל נישט, אַז איר זאָלט ליידן.

„איך לייד שוין פֿאַר אייך.

„איך וויל, איר זאָלט עסן מיין לייב און טרינקען מיין בלוט, כּדי איר זאָלט גרעסער ווערן.

„איך ווייס גאַנץ גוט, אַז כּדי צו מאַכן האָניק, דאַרף מען האָבן אַ זיטן עקסטראַקט.

„און דעם עקסטראַקט קען מען באַקומען פון פּאַנאַנדער־געגליטע בלומען.

„די בלומען עפענען זיך ניטש, אויב די פלאַנצונג איז שלעכט געשפּייזט.

„אַ פלאַנצונג אָן זאַפט קען זיך נישט פאַנאַנדערוויקלען

„אנשטאט צו בליען, וויאַלעט זי.

„כדי זי זאָל לאַנג וואַקסן, דאַרף מען זי כסדר באַגיסן.

„כדי דער עקסטראַקט זאָל פאַרוואַנדלט ווערן אין שפּייז, דאַרפן די אָנגעזאַמלטע זאַפטן אייַנגעטיילט ווערן אויף אַ גלייכן אופן.

„פאַרן יסוד פון קינדער־דערציִונג, איז די מאַטעריעלע שפּייז פונקט אַזוי וויכטיק, ווי די אינטעלעקטועלע און מאָראַלע שפּייז."

„איך לייד, מיינע קינדער, ווייל איך קען אייך נישט געבן וויפל איר דאַרפט.

„ווייסט, אַז איך האָב אייך ליב

„ווייסט, אַז איך לייד מער פון אייך".

מיר קינדער, האָבן מיר מער נישט געטראָגן קיין אָר־טיקע זייד, נאָר אויסלענדישע זייד.

איינמאָל האָבן מיר אַ פרעג געטאָן אונדזער מוטער:

„פאַרוואָס טראָגן מיר אויסלענדישן זייד?

„ווייל עס קאָסט ביליקער.

„וואָס? אויסלענדישע זייד, קאָסט ביליקער?

„ווייל דער ליקיען־אָפּצאָל איז קלענער ווי אויף אָרטיקע.

„מיר פאַרשטייען נישט. מיר ווילן זאָלסט עס אונדז דער־קלערן, טייערע מוטער.

„איך דאַרף אָנהייבן פון דער אָפּיום־מלחמה. ווען די ענגלענדער האָבן אָפּגעהאַלטן אַ נצחון אין 1842, האָבן זיי אַרויפגעלייגט אויפן קייזערלעכן הויף אַ שלום־טראַקטאַט, דעם נאַנקינער טראַקטאַט. און אָט זענען זיינע הויפּט־פּונקטן:

„אַלע סחורות, וועלכע זענען געווען אונטערגעוואָרפן

אונטער אַ צאָל ביים אימפּאָרטירן, טאָרן נישט ווערן באַשטייערט אינם לאַנד

„כינע צאָלט ענגלאַנד 21 מיליאָן טאַעלן, אַלס מלחמה-אַנטשעדיקונג.

„די אינדזל האָנג-קאָנג גייט אַריבער צו ענגלאַנד און ווערט איר אָפּיום-לאַגער.

„קאַנטאָן, פוטשעו, אַמאָי, נינג-פּאָ און שאַנכאַי ווערן פאַרוואַנדלט אין אָפענע קאָמערץ-פּאָרטן פאַרן אָפּיום-מסחר.

„לויטן טיען-טסינער אָפּמאַך, אין 1858 האָט מען אויף כינע אַרויפגעלייגט נאָך אַ קלאַוזולע בנוגע דעם צאָל-טאַריף.

„דער 5 פּראָצ.-קער צאָל-טאַריף, וואָס איז פאָרויסגעזען אין נאַנקינער טראַקטאַט, איז אַ צו הויכער, דעריבער דאַרף מען יעדע צען יאָר באַנייען דעם טאַריף.

„לויט דעמדאָזיקן טאַריף האָט זיך כינע אָפּגעזאָגט פון איר פּאָליטישער און עקאָנאָמישער סוווערעניטעט.

„נאָך דער כינעזיש-יאַפּאַנישער מלחמה, האָט דער שימאָ-נאָסעקער טראַקטאַט, אין 1895, פאָרויסגעזען, אַז:

„די יאַפּאַנישע בירגער האָבן רעכט אויסצובויען פאַבריקן אין די פּאָרטן פונם טראַקטאַט און אין צענטראַלער כינע. אויף די פּראָדוצירטע סחורות טאָר נישט אַרויפגעלייגט ווערן קיין גרעסערער שטייער, ווי אויף דיזעלבע סחורות, וואָס ווערן אימפּאָרטירט".

„צוליב דידאָזיקע אַלע סיבות קאָסט יאַפּאַנישע און אייראָפּעישע זייד ביליקער פון אונדזערע.

„אָט דעריבער טראָגט איר אויסלענדישן זייד.

„וואָס איז עס אַזוינס ליקיען?

„דאָס זענען די אינלענדישע צאָל-סטאַנציעס אין אַלע פּראָווינצן.

„אָט נעמט, למשל, דעם ליקיען פון סע-יוען-קעו פון אונדזער שטאָט.

„דאָס האָבן די מאַנדזשורער איינגעפירט אַזאַ אָרדענונג,

כּדי צו פֿאַרגרעסערן די הכנסה פֿון דער מלוכה און כּדי אויס־צוגלײַכן דעם ביודזשעט.

„אָבער דער פּועל־יוצא, מײַנע קינדער, איז אַ גאַנץ אַנדערער. דער ליקיען האָט פֿולשטענדיק געפּענטעט דאָס עקאָנאָמישע לעבן אין לאַנד. דאָס לעבן איז געוואַלדיק געשטיגן.

בלויז געוויסע פּערזאָנען זענען רײַך געוואָרן אויפֿן חשבון פֿונם קאָלעקטיוו.

„צוליב דידאָזיקע ליקיענס קענען די אָרטיקע סחורות נישט קאָנקורירן מיט די אויסלענדישע, ווײַל פֿאַר אויסלענדישע סחורות, וואָס ווערן טראַנספּאָרטירט אין צענטראַלער כינע דאַרף מען באַצאָלן בלויז איינמאָל 2,5 פּראָצ. ליקיען־אָפּצאָל, בעת פֿאַר כינעזישע סחורות ווערט אַזויפֿיל מאָל גענומען 2,5 פּראָצ, וויפֿל מאָל זיי גייען אַדורך די ליקיען־אַמטן.

„אַט דעריבער באַנוצן מיר נאַפֿט אַנשטאָט אייל, ווײַל נאַפֿט פֿון סטאַנדאַרט־אָיל קאָסט אַ סך ביליקער.

„אין צען יאָר אַרום וועלן מיר נישט וויסן, ווו מיר זענען.

„נישט לאַנג וואַרטנדיק וועלן מיר קריכן אויפֿן „בײַג פֿון די מעסער"*) פֿונם לעבן".

*) די לעגענדע זאָגט אונדז, אַז די מענטשן, וואָס האָבן אַ סך זינד קריכן נאָכן טויט אויפֿן מעסער־באַרג.

# קאַפּיטל עלף

## מאַמאַן אוּאַן און איר דאָרף.

אין די געגנטן פון קיאַנג-סו, הייסט דער דינער — „געהילף״ אָדער „דער מענטש פון קעגנזייטיקער הילף.״

די באָנע פון קינדער, וואָס אונדזערע רוסישע פריינט רופן אָן אויף אַ מוזיקאַלישן אופן „ניאַניאַ״ הייסט ביי אונדז גאַנץ פשוט „מאַמאַן״.

מיינע האָט געהייסען אוּאַן.

זי איז געווען אַ פויערטע.

איך האָב זי שטאַרק געליבט, איך האָב זי אָנגערופען מאַמאַן אוּאַן.

מאַמאַן אוּאַן האָט געוווינט ביי אונדז פאַר מיין געבורט.

זי איז געווען זייער געטריי, ערנסט, אויפמערקזאַם מיט איר באַלעבאָס און באַלעבאָסטע.

זיי האָבן צו איר געהאַט צוטרוי, ווי צו אַ מיטגליד פון דער משפחה.

דאָך האָט זי זיך געפילט אַ ביסל פרעמד, ווען זי איז צו אונדז אָנגעקומען.

זי איז געקומען פון דאָרף.

זי האָט נישט געהאַט קיין מאַן, קיין פאַמיליע, זי איז געווען איינע אַליין אין דער וועלט.

ווען מיין מוטער האָט מיך געבוירן, איז זי קראַנק געוואָרן. זי האָט מיר אָוועקגעגעבן צו מאַמאַן אוּאַן.

זי האָט מיך מיט איבערגעגעבנקייט דערצויגן אין אַ משך פֿון צען יאָר.

איך בין געשלאָפֿן מיט איר זייט ביי זייט מיטן צימער פֿון מיין מוטער.

זי האָט מיט מיר געגעסן אין קיך.

זי האָט מיר געגעבן צו עסן רייז.

זי האָט מיך אַרומגעטראָגן דאָ אויף די הענט, דאָ אויף דער פּלייצע, דאָ אויפֿן אַקסל.

זי איז געווען מיין מוטער. זי האָט אויך געליבט מיין ברודער און מיין שוועסטער.

זי האָט אונדז געשיצט, ווי אַ הון שיצט אירע קליינע הינדעלעך קעגן פֿאַרשידענע געשעענישן און סכּנות. זי האָט פֿאַרטראָטן אונדזער מוטער.

ווען מיין מוטער, אָדער מיין באָבע האָבן מיך געוואָלט באַשטראָפֿן — דאָס האָט זייער אָפֿט פּאַסירט — האָט זי זיך פֿאַר אונדז אָנגענומען.

זי האָט געוויינט:

„די קינדער זענען אומשולדיק, זייט זיי מוחל.“

די באָבע האָט זיך פֿאַר איר מורא געהאַט, ווייל מאַמאַן אוּאַן האָט נישט געוווּסט וועגן די שטאָט-מנהגים.

אירעביידע פיס זענען געווען גאַנץ נאַטירלעכע.

איך בין געווען אַ נאַשער, האָט זי מיר געגעבן צוקערלעך. אַז זי האָט געקריגן זיסע זאַכן, האָט זי אָן מיר נישט געגעסן.

צו פיר יאָר, ווען מען האָט מיך געשיקט אין שולע אַריין, פֿלעגט זי קומען צוויי מאָל אין טאָג זען דעם פרייען פֿויגל אין שטייג.

זי האָט מיך געגלעט און זי האָט מיך באַרויקט מיט איר העכסטער פּויערישער צאַרטקייט:

„קואַי קואַי (מיין קליין טייער קינד), זיי פֿלייסיק, קוק אויפֿן רויטן קנאָפּ פֿון דיין זיידנס הוט, זיי אים מקנא. באַמי זיך צו ברענגען נוצן. זיי אַ חכם. גיי אויף דיין טאַטנס וועג,

ער איז געווען אין שולע, ער האָט געלערנט. פיר זיך גוט אויף, וועל איך דיר געבן צוקערקעס.״

„אויב דו וועסט מיר געבן צוקערקעס, מאַמאַן אוּאַן, זאָג איך דיר צו, אַז איך וועל זיין אַ גוטינקער.

„יאָ, יאָ.״

זי פלעגט אַרויסשלעפן איר זעקל מיט צוקערקעס.

אויב מען האָט מיך אָדער מיין ברודער באַשטראָפט פלעגט זי וואָרטשען אַ גאַנצן טאָג.

זי פלעגט זאָגן:

„לערנען דאַרף מען און נישט שטראָפן. מען דאַרף אָנווייזן און נישט שלאָגן.״

ווען איך האָב געטאָן עפּעס אויף צו להכעיס, אָדער סתם אַ שלעכטע זאַך — דאָס פלעגט פּאַסירן גאַנץ אָפט — פלעגט זי אָנשרייען אויף מיר און ברענגען מיר פאַרשידענע משלים פון גוטע קינדער.

ענדלעך, אין 1909, האָט זי אונדז אין טיפער עלטער פאַרלאָזן.

עטלעכע טעג האָב איך געוויינט.

זי האָט פאַרבראַכט אירע לעצטע יאָרן ביי אַ שטיף־טאָכטער, וועלכע האָט זיך מיט איר שלעכט באַגאַנגען.

מיין מוטער פלעגט זי אָפט באַזוכן אין דאָרף און פון צייט צו צייט פלעגט זי איר עפּעס צושיקן.

די קראַנקייט האָט זי כסדר גענאָגט.

צום לעצטן מאָל האָב איך זי געזען ליגן אויף אַ שטרויזאַק־בלעטער.

זי האָט מיך גערופן אויף אַ מוטערלעכן אופן, ווי די מוטער־קראָ רופט אירע קינדער:

קואַי קואַי! קואַי קואַי! קואַי קואַי קואַי!

איך האָב געוויינט.

דער קוואַל טרערן האָט מיר פון אינעווייניק אָפּגעענטפערט.

איך האָב געפילט, אַז ס׳איז דאָס לעצטע מאָל.

מאַמאַן אוּאַן, וווּ ביסטו?

איך בין געווען שטאָלץ צו זיין איר זון.
אַך, דו פויערישע מוטער פון מיינע קינדער־יאָרן!
אין מיין קינדהייט, בעת ס'איז מיר געווען שלעכט, האָב איך דיך גערופן זאָלסט מיך ראַטעווען.
איצט שלאָגט מיך די געזעלשאַפט פון אַלע זייטן. איך בין פאַרצווייפלט. איך וויל דיך רופן.
אַך, פשוטע געליבטע פויערטע, איך בין דיין זון!
טראַכטנדיק וועגן מאַמאַן אוּאַן, דערמאָן איך זיך פון איר דאָרף.
„ווען די שאָטנס האָבן זיך אויסגעצויגן און דער אָוונט־ווינטל האָט אָנגעהייבן צו בלאָזן צווישן די ביימער, איז שוין אונדזער שמועס געווען פאַרענדיקט. און פאַסטוכער־פלייטעס האָבן זיך אָפּגערופן אין די בערג."
דער פּאָעט וואַנג־פאָ (551–618) האָט דידאַקטיקע לעצטע סטראָפע מסתּם פאַר אונדז געשריבן.
די וועלדער זענען פאַרשוווּנדן געוואָרן.
קברים און דערפער זענען אויסגעוואַקסן אויף זייערע ערטער.
די הייזער שטייען אין פעלדער, אַרומגעצויט מיט ביימער און קוסטעס.
איך רייד פון האָאַס דאָרף.
האָאַ איז דער נאָמען פון מאַמאַן אוּאַנס שטיף־טאָכטער.
מען הערט אַ געזאַנג. דאָס קומט מען צוריק פון די פעלדער.
דער צוריקקער איז: אַ צוג באַפּוצט מיט לאַנדווירטשאַפט־לעכע מכשירים.
מענער, ווייבער, קינדער, סטאַדעס, עופות, פויגל אויפן פּאָן פון דער פאַרגייענדיקער זון.
דער בין־השמשות שפּאַצירט פון באַרג צו באַרג, פון דאָרף צו דאָרף.
שטיקער שאָטן לייגן זיך אַרויף אויף די פּנימער פון די דאָרפישע מיידלעך.

און דאָרט איבערן טייך, איז נאַנקין, די אַלטע הויפּט־שטאָדט, פאַרטרונקען אין פינסטערניש. זי איז ווי אַ זילבער־נער געוועלב, ווי אַ לאַנגער גאַרטל, וואָס וויקלט זיך אַרום דער האַלבער לבנה.

איך הער אַ דאָרפיש פייפל. אַ שטילקייט באַהערשט דעם דאָרף.

מען וואַרט אויפן מאָרגנשטערן פון אַרבעט.

„פאַרוואָס זאָל זיך די אויסערלעכע וועלט מיט אונדז באַשעפטיקן?״

אָט איז די פויער־שטימעפון אַמאָל.

איצט פוילט די רייז אין שייער.

וואָס טראַכטן זיך אונדזערע פויערים?

# קאַפּיטל צוועלף

עטלעכע דערציילונגען פון דער אַלטער כינע...

מיר קינדער, האָבן געהאַט די מאַניע פון גרויסקייט.

מיין מוטער האָט אונדז דערציילט:

„איינמאָל האָט אַ בעטלער געזען אַ חלום. ער, דער אָרע-מער בעטלער איז געגאַנגען פון טיר צו טיר און געקליבן נדבות.

„דער פּאָליציאַנט האָט אים פאַרשאַפן צרות. ער האָט געלייגט אַ שטייער אויף זיין פאַרדינסט.

„איינמאָל האָט ער געטאָן אַ נדר צו גאָט אין זיין הויז, וועלכעס איז געווען דער טעמפּל פון גאָט און פון דער ערד:

„אַז איך וועל ווערן אַ קאָמענדאַנט, וועל איך פאַרגרע-סערן דעם טעמפּל פון דיין מאַיעסטעט.

גאָט האָט צו אים געזאָגט: „זאָל דערפילט ווערן דיין פאַרלאַנג".

„פּלוצלונג איז ער געוואָרן אַ קאָמענדאַנט, אַ באַלעבאָס איבער די בעטלער, זיינע חברים פון נעכטן.

„ער האָט באַלייגט זיינע אַמאָליקע חברים מיט אַ שווע-רערן שטייער, ווייל ער האָט געוואָלט פאַרגרעסערן גאָטס טעמפּל. די אומצופרידענע בעטלער זענען אַוועק זיך באַקלאָגן פאַרן גובערנאַטאָר. יענער איז אין כעס געוואָרן און אים אַראָפּגעזעצט פון זיין נייער אַמט.

„ביינאַכט האָט ער ווידער געבעטן זיין גאָט:
„דער גובערנאַטאָר איז גרעסער פון מיר, האָט ער צו אים געזאָגט. ווען איך וואָלט געוואָרן אַ גובערנאַטאָר, וואָלט איך פאַרגרעסערט מיין ווינונג אין אַ טעמפּל פאַר דער גאַנצער גובערניע".
„גאָט האָט צו אים ווידער געזאָגט:
„זאָל דערפילט ווערן דיין פאַרלאַנג!
„ער איז תיכף געוואָרן גובערנאַטאָר.
„דער קייזערלעכער קאָמיסאַר איז געקומען אויף אַן אינספּעקציע אין דער גובערניע. אָבער דער קבצן האָט אים נישט געקענט מאַכן קיין קייזערלעכן קבלת-פּנים און האָט אים אויך נישט געקענט שענקען מתנות.
„קומענדיק צוריק אין דער הויפּטשטאָט, האָט דער קאָמיסאַר איבערגעגעבן דעם קייזער, אַז דער נייער גובערנאַטאָר איז אַ סך ערגער פון אַלטן. דער אַלטער גובערנאַטאָר האָט „גענומען", דער נייער „רייסט".
און באמת, דער בעטלער האָט געריסן, כדי אויסצובויען אַ טעמפּל פאַר גאָט.
„דער קייזער האָט אונטערגעשריבן זיין דעמיסיע.
„ער בעט זיין גאָט:
„אפנים דער קייזערלעכער קאָמיסאַר איז אַ סך גרעסער פון מיר. ווען איך וואָלט געוואָרן אויף זיין אָרט! איך וואָלט געהאַלטן אין איין בויען טעמפּלען אין מיין אַדמיניסטראַטיווער געגנט.
„זאָל דערפילט ווערן דיין פאַרלאַנג!
„ער איז תיכף געוואָרן אַ קייזערלעכער קאָמיסאַר.
„ער „נעמט" און ער „רייסט".
„כדי איינצושטילן דעם פאָלקס-צאָרן, הייסט דער קייזער אים באַשטראָפן.
„ער איז פאַרמשפּט צום טויט, דורך אַ „רייס-מאַשין".
„ער בעט שנעל זיין גאָט:
„זע, איך וואָלט געדאַרפט ווערן אַ קייזער, כדי צו

פאַרענדיקן דיינע טעמפּלען און כּדי צו בויען נייע אין דער גאַנצער מלוכה״.

„זאָל דערפילט ווערן דיין פאַרלאַנג!״

„ער איז געוואָרן קייזער, הערשער איבערן גאַנצן פאָלק.
אַך, ווי צופרידן דער בעטלער איז געווען!

„ער שפּאַצירט אַרום אין אַ געלן פּאַלאַקין, וואָס מענטשן טראָגן, און נאָך אים אַ גאַנצע סוויטע. ער האָט אַ ווייב אַ מלכּה, צוויי קעפּס-ווייבער אין מזרח-פּאַלאַץ און אין מערב-פּאַלאַץ, זעקסאונדרייסיק ווייבער פון דריטן ראַנג און צווייאונזיבעציק פון פערטן ראַנג.

„ער איז גליקלעך און צופרידן.

„אָבער זיין פרייד איז געווען אַ צייטווייליקע.

„דער הימל האָט זיך צו אים נישט באַצויגן מיט חסד.
זינט ער איז אַרויף אויפן טראָן רעגנט נישט.

„איין יאָר. צוויי יאָר. דריי יאָר אָן רעגנס.

„דאָס פאָלק שרייט: אַ טויט דעם מלך!

„ווייל ער קען נאָר בויען טעמפּלען אין גאַנצן לאַנד.
ער קען אָבער נישט אָנפירן מיט קיין פאָלק.

„ער דרייט זיך ווידער אַרום זיין גאָט:

„איך וואָלט געוואָלט זיין עפּעס אַ זאַך פון הימל. די ערד איז מיר פאַרמיאוסט.״

„אַלזאָ זיי די זון!״

„אוודאי די זון איז גרעסער פונם קייזער. זי איז דער הערשער פון דער וועלט.

„ער איז די זון.

„ער טריקנט אויס מלוכות פון דער גאַנצער וועלט.
פעלקער און מלכים האָבן זיך פאַר אים געבויגן. ווייל זייער גורל איז פון אים אָפּהענגיק.

„אָבער ס׳קומט אַ קליין וואָלקנדל און פאַרשטעלט זיין פּנים.

„אַך, דו וואָלקנדל, דו ביסט שטאַרקער פון מיר.

„גאָט זאָגט צו אים.

„זאָל פון דיר ווערן אַ וואָלקן!

„זייענדיק אַ וואָלקן, האָט ער אַראָפּגעבראַכט אַ רעגן אויף דער ערד, כּדי די טרוקנקייט זאָל אָפּטרעטן.

„אָבער ס'האַלט אין איין רעגענען.

„דער מבול איז שרעקלעכער פון דער טרוקעניש, ער פאַרפלייצט טאָלן מיט די איינוווינער.

„די מענטשלעכע יללות דערגייען ביזן הימל.

„ער האָרכט זיי נישט, ווייל זיין אויפגאַבע איז צו רעגענען.

„מיטאַמאָל האָט אים אַ באַרג פאַרשטעלט דעם וועג. סטאָפּ!

„דו קליין שטיקל ערד, האָסט אַ העזה זיך אַוועקצושטעלן קעגן מיר!

„דער באַרג איז טויב און רירט זיך נישט פון אָרט.

„איך וואָלט געדאַרפט ווערן אַ שפּיץ-באַרג, כּדי זיין דער העכסטער, דער גרעסטער, דער שטאַרקסטער!

„זיי אַ שפּיץ-באַרג!

„מיט זיינע ביימער שטעלט ער אָפּ דעם וואָלקן און זאַפּט איין דעם רעגן. דאָס פאָלק איז צופרידן און דאַנקבאַר. דאָס פאָלק מאַכט אים פאַר אַ גאָט.

„עטלעכע קליינע שלאַנגען, שרצים גריזשען די ערד צופוסנס פונם באַרג. פון זייער טויזנט-יעריקער אַרבעט זעצט זיך דער באַרג כּסדר אַראָפּ.

„דער נייער גאָט ווערט באַאומרויקט און זאָגט:

„אָט איז אַ גרעסערע און אַ שטאַרקערע זאַך.

„זיי עס, אויב דו ווילסט!"

„ער איז אַ שלאַנג."

„ער גריזשעט דאָס, וואָס איז אייביק אינם שטח און אין דער צייט.

„איינמאָל אין אַ טאָג זענען אָנגעקומען שלעפּער. זיי זענען געווען שלאַנגען-יעגער. זיי פלעגן מיט זיי גיין בעטלען אומעטום.

„זיי האָבן אָנגעקליבן אַ סך שלאַנגען און אַריינגעפּאַקט זיי אין זייערע זעק.

„איצט וויל איך ווערן אַ הערשער פון שלאַנגען.
„זאָל דיין פאַרלאַנג דערפילט ווערן!
„ער איז ווידער געוואָרן אַ בעטלער.
„היות אַ בעטלער איז דער גרעסטער און דער שטאַרק־סטער.
„זייט פשוט!
„זייט גוט!
„גרויסקייט, מיינע קינדער איז נישט פאַר אייך.
„ווייל כּדי גרויס צו זיין, דאַרף מען לעבן און ליידן. ווען איר וועט זיין ביים סוף פון אייער לעבן און אויפן שפּיץ פון אייערע ליידן. דאַמאָלט וועט איר זיין גרויס.
„גרויס וועט איר זיין מיט מיר, אומגעבילדעטע פרוי; גרויס וועט איר זיין מיט איר, מיט אייער טויב־שטומער שוועסטער, און מיט זיי, ליידנדיקע עלנדע מענטשן.
„גרויס וועט איר זיין, אַז איר וועט זיין אומבאַקאַנט אין די מאַסן!"

דער יום-טוב פון „זיבן."
ס׳איז פאָרגעקומען יעדן יאָר, דעם זיבעטן טאָג פון דער זיבעטער לבנה.
גאָט האָט אין דערדאָזיקער נאַכט געדאַרפט אויסבויען אַ בריק איבערן מילך־וועג פון קליינע זינגענדיקע פייגעלעך, כּדי דער אָקסן-פּאַסטוך און די שפּינערין פון הימל זאָלן זיך קענען באַגעגענען.
מען האָט אונדז געהייסן וואַכן ביז צום מאָרגנשטערן.
מיר האָבן געבעטן אונדזער מוטער, זי זאָל אונדז דער־ציילן די שיינע מיטאָלאָגישע געשיכטע פון דער זיבן-נאַכט.
„ס׳איז געווען טאָג, האָט זי צו אונדז אָנהייבנדיק, געזאָגט.
„דער געזאַנג פון די פייגעלעך האָט אויפגעוועקט דעם הימלישן אָקסן-פּאַסטוך.
„ער כאַפּט זיך אויף פון זיין טיפן שלאָף און פון זיין לאַנגן חלום.

„קוים האָט ער זיך געשטעלט אויף די פיס, גייט ער אַוועק אין זיין גאָרטן, רייסט אַראָפּ סאָסנע־שישקעס, וועלכע ער עסט. ער טרינקט דעם עקסטראַקט פון בלומען.

„ווי תמיד, פירט ער זיין אַלטן פריינט, דעם געלן אָקס אויף דער לאָנקע.

„ער נעמט די פלייטע. ער טוט אָן אַ באַמבוסאָוון פּאַס־טוך־הוט און אַ שטרויענעם בגד.

„דער אַלטער פריינט ריטשעט.

„דער אָקסן־פּאַסטוך שפּילט אויף דער פלייטע אויפן אָקס רוקן.

„דער הימל האָט אַן אַנדער אויסזען ווי די ערד. איי־ביקע גרינע צמחים באַפּוצן אומעטום דעם הימלישן געוועלב. אַן אומענדלעכער גלאַנצנדיקער טעפּיך, ווי פון לעבע־דיקער־גרינקייט טיילט אויס צאַרטע ריחות.

„דער אַלטער אָקס גייט און עסט. זיין יונגער פּאַס־טוך הערט נישט אויף צו זינגען און צו שפּילן פלייטע אויף זיין רוקן.

„ווי אַנטציקט דער פּאַסטוך איז!

„אין עטלעכע רגעס אַרום קומען זיי צו צו אַ באַרג. דער אָקסן־פּאַסטוך שפּרינגט אַראָפּ פון זיין אַלטן פריינטס רוקן און לאָזט דעם אָקס איבער איינעם אַליין. דער אָקס קייט, און ע־ גייט אַוועק אונטער אַ סאָסנע. ער זעצט זיך אויף אַ לאַנגן שטיין און האָט פאַרגעניגן.

„ווען ס׳ווערט אים לאַנגווײַליק, ציט ער זיך אויס און הערט זיך צו, ווי די פייגעלעך זינגען. און ער ענטפערט זיי.

„ער זינגט און שפּילט אויף דער פלייטע.

„אַ קאָנצערט.

„דער פּאַסטוך איז פול מיט טרייסט, און ער איז נישט איינער אַליין.

„ער ווערט פאַרשיכורט.

„ער שלאָפט.

„ער טרוימט.

„ער הערט דעם פיינעם געזאַנג פון די פייגעלעך, דעם

ליכטן ווינט צווישן דיביימער און ווי זיין אַלטער פריינט רעוועט.

„מיטאַמאָל הייבן אָן די פייגעלעך צו שרייען, דער ווינט רעוועז און דער אָקס — מעקען.

„דער פּאַסטוך כאַפּט זיך אויף פון זיין חלום.

„ער הייבט אָן זינגען.

„ער שפּילט אויף דער פלייטע.

„אָוונטצייט איז ער הונגעריק. ער קריכט אַרויף אויף די סאָסנעס און עסט די שישקעס.

„ווען ער איז דורשטיק, טריקנט ער דעם עקסטראַקט פון די בלומען.

„ווען די נאַכט פאַלט צו, קומט ער צוריק אַהיים מיט זיין אַלטן פריינט. דעם גאַנצן וועג זינגט ער.

„איין טאָג איז ענלעך צום צווייטן. ס'איז אים נישט אומעטיק. אדרבא, ער איז צופרידן און גליקלעך פון זיין לעבן.

„ווייל ער זאָגט: איך בין אויף דער דינסט ביים הימלישן מלך.

„איינמאָל איז געווען זייער הייס.

„דער אַלטער געלער אָקס האָט פאַרענדיקט דאָס עסן און אַ פאַרמאַטערטער, האָט ער זיך אַנידערגעלייגט לעבן פּאַסטוך, סאַפּענדיק.

„דער הימלישער פּאַסטוך זינגט און שפּילט אויף דער פלייטע.

„ער וויל יעדן פויגל אפענטפערן מיט אַן אָדע.

אַ צעפרידענער, ריטשעט דער אַלטער אָקס מיט זיינע אַלע כוחות, כדי אָפּצוענטפערן זיין יונגן פּאַסטוך און אַלע זיינע פריינט.

„אַ צעפרידענער, לאָזט דער פּאַסטוך אַראָפּ זיין פלייטע אויפן גראָז און קריכט ארויף אויפן רוקן פון זיין אַלטן פריינט.

„מיט זיינע פינגער גלעט ער די האָר פונם אָקס.

„מו האָ! מו האָ! מו האָ! מיין יונגער באַלעבאָס!”

„אַן אויסטערלישע זאַך! דער אָקס רעדט.

„אָבער דער פּאַסטוך חידושט זיך נישט. ווייל ער ווייסט,
אַז דער אָקס איז אַ געטלעכער.

„אַך, וואָס זאָגסטו? מיין אַלטער", פרעגט דער פּאַסטוך
דעם אָקס.

„מו הא, באַלעבאָס! גאָט ווייסט, אַז איר זענט אַן אַרבע-
טער און ער וועט אייך חתונה מאַכן מיט זיין זיבעטער טאָכטער,
מיט דער שפּינערין. מאָרגן קענען מיר קומען עטוואָס פריער,
ווייל זי וועט זיך באָדן אין קליינעם טייכל. אַז מיר וועלן
פאַרבאַהאַלטן איר קלייד, וועט זי נישט קענען אַרויסגיין פון
וואַסער. אַז זי וועט אייך בעטן, איר זאָלט איר אָוועקגעבן
איר קלייד, וועט איר פון איר אויך בעטן אַ זאַך: זי זאָל מיט
אייך חתונה האָבן."

„באמת?

„אוודאי, אַזוי. אַן אַלטער פריינט נאַרט קיינמאָל נישט אָפּ!

„דער פּאַסטוך איז שטאַרק צופרידן. ער פירט אָוועק זיין
אַלטן פריינט אַהיים.

„ער שפּילט אויף דער פלייטע.

„ער זינגט.

„ער טאַנצט.

„טשי-טשאַ! טשי-טשאַ! טשי-טשאַ!

„די שפּינערין אַרבעט.

„מיט אַמאָל, שאַ, שטיל?

„די שפּינערין האָט מיט די הענט אונטערגעלענט אירע
באַקן און טראַכט.

„זי האָט זיך ערנסט פאַרטראַכט.

„פריילן, איר קענט זיך שוין לאָזן אין וועג אַריין",
האָט אַ יונגע דינסט געזאָגט צו דער שפּינערין.

„אויסגעהאַרכט דידאָזיקע ווערטער, איז די שפּינערין
אַ ביסל רויט געוואָרן. זי וואַרפט אַן אויגל אויף דער דינסט.

„זי זאָגט: ס'איז נאָך פרי, נאָך אַ רגע, איך גיי באַלד.

„און דערווייל זאָגט זי צו זיך אַליין:

„אַ מאָדנע זאַך! גאָט האָט רחמנות אויף מיר, וואָס איך בין איינע אַליין און וויל מיך חתונה מאַכן מיטן אָקסן־פּאַסטוך פון צווייטן ברעג טייך, טאָ פאַרוואָס זשע וויל ער, איך אַליין זאָל אים גיין אויפזוכן?"

„די דינסט רעדט ווייטער:

„פריילן, ס'טאָגט שוין, לויפט שנעל!"

„דערהערט דידאָזיקע ווערטער, וואַרפט זי אַוועק איר אַרבעט. דאָס פּנים איז רויט, זי שעמט זיך.

„זי בייט איבער איר קלייד. זי טוט אָן אַ קלייד בראָדירט מיט וואָלקנס, וואָס זי האָט אָקאָרשט אויסגעשפּונען.

„זי פאַרקעמט זיך און גייט אַרויס פון הימלישן פּאַלאַץ. צוזאַמען מיט איר דינסט.

„די דינסט ווייזט איר די ריכטונג צו מזרח, זאָגנדיק:

„גייט גלייך צו מזרח צו!"

„זי האָט אַ שטופּ געטאָן די שפּינערין אין דער פּלייצע.

„די שפּינערין פילט זיך ווי אַ בלאַט, וואָס פאַלט אַראָפּ פון בוים און פליט וווהין דער ווינט טראָגט זי.

„ווען זי דרייט אויס דעם קאָפּ, איז זי שוין זייער ווייט פון הימלישן פּאַלאַץ.

„די שפּינערין האָט אפילו נישט געוווּסט דעם וועג. זי שטעלט זיך אָפּ פאַר אַ דורכזיכטיק טייכל, וואָס פליסט אַרויס פון אַ פעלז. די באַגינען־שטראַלן גיסן זיך אויף אַן אומענדלעך גרין פעלד.

„דאָס קוואַל־וואַסער שפּילט אַ פיינע מוזיק. דער שפּינערין נעמט אָן אַ חשק זיך אויסצובאָדן.

„זי וואַרפט אַראָפּ דאָס קלייד און שפּרינגט אַריין אין וואַסער.

„די פרישקייט פונם קוואַל דרינגט אַריין אין איר גאַנץ וועזן.

„זי שווימט.

„זי איז די הימלישע ליבע.

„די פיש האָבן פאַר איר קיין מורא נישט. גאַנצע מחנות באַגריסן זי. זי קוועלט פון דידאָזיקע אורחים.

„זי שווימט נאָך די פיש.
„זי וויל געווינען דעם קאָנקורס פון שווימען.
„זי פאַרגעסט פון צייט און פון רוים.
„דאָס וואַסער ווערט אָנגעוואַרעמט. ס'איז מיטאָגצייט.
„מו האַ! מו האַ! מו האַ!"
„הוראַ! הוראַ! הוראַ!
„די שפינערין הערט פונדערווייטנס דעם אָקס ריטשען און מענטשלעכע געשרייען. זי בייגט זיך אַראָפּ אין וואַסער.
„זי איז נאַקעט!
„זי שעמט זיך. זי קומט צו צום ברעג און וויל זיך אָנטאָן.
„אויפן ברעג געפינט זי נישט דאָס הימלישע קלייד.
„ווער האָט עס גענומען? ווער און ווו?
„זי זוכט.
„זי דערזעט בלויז אַ פּאַסטוך אונטער די סאָסנעס.
„דער אָקסן-פּאַסטוך ליגט אויף אַ שטיין, זינגט, שפּילט אויף דער פלייטע און לאַכט.
„לעבן אים ליגט דער אַלטער געלער אָקס.
„זי איז זיכער, אַז דער יונגער פּאַסטוך האָט פאַרבאַהאַלטן אירע זאַכן.
„אָבער אינגאַנצן אַ נאַקעטע קען זי צו אים נישט צוגיין, הייבט זי אָן צו בעטן ער זאָל עס איר אָוועקגעבן.
„היי! הער יונגער פּאַסטוך! האָט איר אַמאָל נישט געזען מיין קלייד?
„איר שטימע ציטערט פון שרעק און פון חרפה.
„דער יונגער פּאַסטוך מאַכט אַ מינע, גלייך ער הערט זי נישט, און זינגט און שפּילט ווייטער אויף דער פלייטע.
„די שפינערין זעט זיך אַרום, אַז דער יונגער פּאַסטוך לייגט נישט קיין שום אַכט אויף אירע ווערטער.
„די שרעק און די חרפה וואַקסן אין איר.
„זי שרייט מיט אַ ציטערדיק קול:
„היי! יונגער פּאַסטוך! האָט איר אַמאָל נישט געזען מיין קלייד?

„זי ווערט רויט פון קאָפּ ביז צו די פיס.

„יאָ, איך האָב געפונען עפּעס אַ קלייד. אָבער איך ווייס ניש׳ט, צי עס איז אייערס״, ענטפערט דער פּאַסטוך, באַווייזנדיק איר דאָס קלייד.

„יאָ, יאָ, גיט עס מיר, כ׳בעט אייך, האָט עטוואָס באַרויקט זיך געבעטן די יונגע שפּינערין.

„אָבער דער יונגער פּאַסטוך ליגט אויפן שטיין, הערט נישט אויף צו לאַכן, צו זינגען און צו שפּילן פלייטע.

„ער רעדט גאָרנישט.

„די שפּינערין, אין גרויס פאַרצווייפלונג, בעט זיך ביים פּאַסטוך.

„יונגערמאַן! גיט מיר אַוועק דאָס קלייד, איך פאַרשווער אייך. איך וועל אייך זיין דאַנקבאַר און איך וועל אייך באַלוינען, ווען איך וועל ווידער זיין ביי מיין פאָטער.

„אויף וואָסער אופן וועט איר מיר אָפּדאַנקען?״ האָט ער זי געפרעגט מיט אַ שמייכל.

„זי שפּינערין, רויט ווי די שקיעה, האָט תיכּף נישט געקענט אָפּענטפערן.

„דער יונגערמאַן האָט פאַרטגעזעצט:

„איך וויל אייך בעטן אַ זאַך. קענט איר איינגיין דערויף? אויב איר וועט מיר ענטפערן — יאָ, וועל איך אייך תיכּף אַוועקגעבן דאָס קלייד„.

„וואָס ווילט איר?״

„איך בין דער אָקסן-פּאַסטוך פון דער הימלישער מלוכה. איך בין נאָך אַ בחור. ווילט איר מיט מיר חתונה האָבן? אויב איר וועט מיר ענטפערן — יאָ, גיב איך אייך אַוועק אייער קלייד״.

„ווען די שפּינערין דערוויסט זיך, אַז דער יונגערמאַן איז דער הימלישער אָקסן-פּאַסטוך, ווייסט זי, אַז ער איז איר באַשערטער, באַשטימט פון גאָט.

„איר שרעק און איר חרפּה ווערן ביסלעכווייז פאַרשוווּנדן.

„זי קוקט אויפמערקזאַם אויף איר צוקונפטיקן מאַן.

„ער איז באמת אַ פעסטער שיינער יונגערמאַן.

„פרייד פאַרטרעט דאָס אָרט פון שרעק און חרפה.
„די שפינערין שטייט אין וואַסער, דעם קאָפּ אַראָפּגע־לאָזט און שווייגט.
„דער פאַסטוך חזרט איבער:
„ווילט איר מיט מיר חתונה האָבן?״
„די שפינערין, אָפּגעמאַטערט אין וואַסער, ענטפערט שנעל: „יאָ, איך ליב אייך. גיט מיר אָפּ דאָס קלייד.״
„מיינט איר עס אויף אַן אמתן?״
„יאָ, אויף אַן אמתן, איך נאַר נישט אָפּ מיין צוקונפ־טיקן מאַן.״
„דער פאַסטוך טראָגט אַוועק דאָס קלייד.
„ער לייגט עס אַוועק אויף אַ שטיין, אויפן ברעג פון טייך און זאָגט: „גייט אַרויס פון וואַסער, כ׳בעט אייך, טוט זיך אָן!״
„די שפינערין האָט זיך געפאָלגט, אָבער באַמערקנדיק, אַז ער קוקט, איז זי רויט געוואָרן און זיך ווידער פאַרבאַהאַלטן אין וואַסער.
„דער פאַסטוך שטייט און רירט זיך נישט פון אָרט.
„פלוצלונג טרעט ער אָפּ.
„ער גייט אַוועק אונטער די סאָסנעס.
„די שפינערין גייט אַרויס פון וואַסער און טוט זיך אָן.
„זי פאַרקעמט זיך.
„דער פאַסטוך קומט צוריק און זאָגט צו זיין כלה: זייט מיר מוחל, כ׳בעט אייך.״
„די שפינערין לאַכט, דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט. זי זאָגט מיט אַ שמייכל:
״אַך, ס׳אַראַ העזה איר האָט?
„ער ענטפערט מיטן זעלבן שמייכל:
„ווען איך וואָלט נישט געהאַט אַזאַ העזה, וואָלט איר מיר אַזוי שנעל נישט געגעבן אייער הסכמה.״
„זיי זעצן זיך ביידע אויף אַ גרויסן שטיין, שמועסן און לאַכן.

„מו הא! מו האַ! מו האַ!

„אַך, יאָ! מיר דאַרפֿן דאַנקען דעם אַלטן געלן אָקס, ווייל ער האָט מיך געלערנט וואָס איך האָב צו טאָן," האָט געזאָגט דער פֿאַסטוך, אָנווייזנדיק אויף זיין אַלטן פֿריינט.

„זיי שטעלן זיך ביידע אויף און געאָרעמט, גייען זיי ביידע אַוועק צום אַלטן געלן אָקס.

„די שפינערין זעצט זיך אַרויף אויפֿן אָקס, וועלכן דער פֿאַסטוך האַלט פֿאַרן רוקן.

„און ער פֿירט אַוועק זיין כּלה צו זיך, דורכן זעלבן וועג פֿונוואַנען ער איז געקומען.

„דערדאַזיקער וועג האָט געענדערט זיין אויסזען.

„די בלומען לאַכן און די גראָזן לאַכן אויך אויפֿן ווינט. זיי שאָקלען זיך און טאַנצן. ס'דאַכט זיך, אַז אַלץ באַגריסט זיי.

„דער אָקסן-פֿאַסטוך איז גליקלעך

„ער איז גליקלעך, וואָס ער האָט ליבע, אַ פֿרישע בלום, שיינקייט, פֿאַרשטאַנד, צערטלעכקייט, אַ פֿרוי נישט צו פֿאַרגלייכן.

„מיט איר לעבט ער.

„מיט איר ווילט ער זיך.

„מיט איר זינגט ער.

„מיט איר שפּילט ער אויף דער פֿלייטע.

„מיט איר טאַנצט ער.

„מיט איר שווימט ער.

„מיט איר לעבט ער.

„מיט איר איז דער האָניק-חודש אין אייביקייט, אין דעם־דאָזיקן לאַנד פֿון ליבע.

„דער אָקסן-פֿאַסטוך גיט זיך שוין מער נישט אָפּ מיטן אָקס, און די שפּינערין האָט שוין לאַנג אַוועקגעוואָרפֿן איר מלאכה.

„אַמאָל האָבן זיי געאַרבעט. די שפּינערין האָט פֿון אירע טרערן געשפּונען אַ קלייד פֿאַר גאָט.

„היינט געניסן זיי בלויז פֿונם לעבן.

„אָט ווערט דער אַלטער געלער אָקס קראַנק.

„איינמאָל קומט דער פּאַסטוך אַריין אין שטאַל. דער אָקס ליגט. מו האָ! מו האָ! מו האָ!

„ער סאַפּעט.

„ווען ער דערזעט דעם פּאַסטוך, הייבט זיך דער אָקס אויף און זאָגט צו אים מיט טרערן אין די אויגן:

„מיר וועלן זיך אינגיכן שיידן, אָבער מיר דאַכט זיך, אַז איר, מאַן און ווייב, וועט זיך אויך גאָר בקרוב צעשיידן.״

„וואָס, ווען? ווי פאַלן דיר איין אַזעלכע געדאַנקען?״ פרעגט זיך ביי אים דער פּאַסטוך אַ פאַרוואונדערטער.

„גאָט איז אין כעס, ווייל איר פאַרנאַכלעסיקט אייער אַרבעט, זינט איר האָט חתונה געהאַט. ער באַפעלט דער שפּינערין, זי זאָל זיך צוריקקערן אין איר געטלעכן פּאַלאַץ. איך האָב מורא, אַז אין עטלעכע טעג אַרום וועט זי שוין דאָ נישט זיין. און איצט קומט אַ סוף צו מיין לעבן. מאָרגן וועל איך ווערן אומשטערבלעך און איך וועל אַוועקגיין״.

„דער אָקסן-פּאַסטוך פאַלט אַ בלאַסער און רופט אויס:

„ליידער! אָבער וואָס קען איך איצט טאָן? איז שוין באמת אַ סוף?

„ניין, ניין, זייט נישט אַזוי פאַרדאגהט! איך וועל געפינען אַן עצה״. דער אַלטער אָקס טרייסט אויף אַזאַ מין אופן זיין יונגען באַלעבאָס.

„דער פּאַסטוך באַקומט מוט און טוט האַסטיק אַ פרעג:

„וואָסער עצה? זאָג מיר שנעל, כ׳בעט דיך״!

„מאָרגן, אויב איך וועל שטאַרבן, זאָלט איר נעמען מיין פעל און זי פאַרבאַהאַלטן. אויב די שפּינערין וועט אייך אין אַ העלן טאָג פאַרלאָזן, זאָלט איר אָנטאָן מיין פעל און זי נאָכגיין. זי וועט פון אייך נישט קענען אַנטלויפן, איר וועט זי אומעטום כאַפּן.

„נאָכדעם ווי ער האָט געגעבן דידאָזיקע עצה, לייגט ער זיך ווידער אַוועק און כאָרכלט.

אַ בלאַסער גייט דער אָקסן-פּאַסטוך אַרויס פון שטאַל. ער גייט אַריין אין חדר פון זיין געליבטער פרוי.

„זי זיצט אויפֿן זוים פֿון אַ בעט, ערנסט פֿאַרטראַכט.
„דער פֿאַסטוך נעמט זי אַרום, לייגט אַוועק זיין קאָפּ אויף איר ברוסט און וויינט.
„שטאַרק איבערראַשט, פֿרעגט אים זיין ווייב:
„אָך, וואָס איז מיט דיר?
„ער וויינט נאָך שטאַרקער.
„ער האַלט אין איין קרעכצן.
„ס'גיסן זיך טייכן טרערן.
„ ער פֿאַרנעצט איר דאָס גאַנצע קלייד.
„אָבער זאָג, וואָס מיט דיר איז?" פֿרעגט זי אים ווידער.
„מיט איר נאָזטיכל ווישט זי אָפּ זיינע טרערן.
„נישט אויפֿהערנדיק וויינען, חזרט ער:
„איך וויל בעסער שטאַרבן, איידער דיך פֿאַרלירן. איך וועל נישט קענען לעבן אָן דיר."
„די שפּינערין פֿאַרשטייט. זי וויל אים טרייסטן מיט גוטע רייד:
„איך וועל דיך קיינמאָל נישט פֿאַרלאָזן. ניין, קיינמאָל נישט! באַרויק זיך! זיי רויק!
„ביי דידאָזיקע ווערטער האָט זי זיך אויך פֿאַנאַנדערגעוויינט.
„אויפֿצוּמאָרגנס איז דער אַלטער געלער אָקס געשטאָרבן.
„דער אָקסן־פֿאַסטוך איז שטאַרק פֿאַרטרויערט. ער האָט גענומען און פֿאַרבאַהאַלטן דאָס פֿעל פֿון זיין אַלטן פֿריינט.
„און פֿון יענער רגע אָן היט ער אָפּ, די שפּינערין זאָל נישט אַוועק.
„זי טרייסט אים כּסדר.
„זי זאָגט אים, אַז גאָט איז איר פֿאָטער. און אויב גאָט וועט איר הייסן אים פֿאַרלאָזן, וועט זי אים נישט פֿאָלגן.
„דער פֿאַסטוך האָט זיך אַ ביסל באַרויקט.
„איינמאָל איז ער אַוועק שפּאַצירן. קומענדיק צוריק האָט ער נישט באַמערקט די שפּינערין. ער איז צעטומלט. ער טוט אָן דאָס פֿעל פֿונם אָקס און גייט זוכן זיין פֿאַרשוווּנדענע ווייב. ווען ער איז אַרויס פֿון זיין צימער, זעט ער ווי די שפּינערין

לויפט אין דער ריכטונג צו מערב, האַנט ביי האַנט מיט אַן אַלטער פרוי.

„ער יאָגט זיי נאָך.

„ס'דאַכט זיך אים, אַז דאָס פעל פונם אָקס טראָגט אים, גלייך ווי ער וואָלט געהאַט פליגלען.

„ער דערנענטערט זיך.

„די אַלטע איז גאָטס ווייב. זי האַלט דער שפּינערינס האַנט און שלעפּט זי.

„די שפינערין ווישט זיך די אויגן.

„היי! שטייט. כ'בעט אייך......" שרייט דער פּאַסטוך און לויפט כסדר.

„אָבער ער קען שוין מער נישט לויפן.

„די געטין טראָגט זיך פאָרויס.

„זי שלעפּט די שפינערין, וועלכע לויפט נאָך איר.

„זי קען אפילו נישט אויסדרייען דעם קאָפּ.

„אַ פאַרצווייפלטער, שטרענגט אָן דער פּאַסטוך אַלע זיינע כוחות, כדי זיי צו דעריאָגן.

„ער דערנענטערט זיך.

„ער זעט, ווי די געטין נעמט אַרויס אַ גאָלדענע שפּילקע און צייכנט אָן אַ ליניע.

„האָ לאַ לאַ! האָ לאַ לאַ! האָ לאַ לאַ!

„אַ בליץ נאָך אַ שטאַרקן גערויש.

„דער פּאַסטוך ציטערט פון שרעק.

„ער בלייבט שטיין.

„ער דערזעט פאַר זיך אַ טייך, אַ ריזיקן טייך.

„דאָס איז דער מילך-וועג, דער הימלישער טייך פון די כינעזער.

„די שטראָמען רעווען!

„שרעקלעך רעווען זיי!

„מען זעט נישט מער די געטין.

„די שפינערין שטייט איינע אַליין אויפן צווייטן זייט פונם געטלעכן טייך. זי זאָגט:

„קער זיך אום צוריק, מיין קליינער! פריער אָדער שפּעטער, וועלן מיר זיך מוזן שיידן!...

„דער פּאַסטוך זעצט זיך און וויינט.

„די שפּינערין רעדט ווייטער:

„וויין נישט. וואַרט אויפן זיבעטן טאָג פון דער זיבעטער לבנה, וועלן מיר זיך ווידער זען.״

„די שפּינערין איז פאַרשוווּנדן געוואָרן. דער אָקסן-פּאַסטוך קומט אַהיים.

„די צייט לויפט שנעל.

„אָט איז דער זיבעטער טאָג פון דער זיבעטער לבנה!

„דער פּאַסטוך הויבט זיך אויף און טוט זיך אָן.

„ס׳איז נאָך נישט טאָג געוואָרן.

„ער טוט אָן זיין פעל און גייט אַוועק אויפן ברעג פונם הימלישן טייך.

„ער איז פאַרטרוימט.

„דער טייך איז ברייט און די שטראָמען רעווען.

„קיין שום בריק, קיין שום שיפל.

„ער ווייסט נישט, וויאַזוי ער וועט אַריבערגיין.

„ער האָפט.

„זיין האָפענונג שטופּט אים צו ביזן סאַמען ברעג.

„ער זעט דאָרט בלויז שפּערלינגען.

„איינע פון זיי פליען, אַנדערע טאַנצן אויפן ברעג.

„זיי פּישטשען.

„ווען זיי דערזעען דעם אָקסן-פּאַסטוך אַ פאַרצווייפלטן, זינגען זיי אין כאָר און פליען אינמיטן טייך.

„דאָרט שטרעקן זיי אויס זייערע פליגעלעך און פאַר-בינדן זיי איינער צום צווייטן אַזוי שמאָל, אַז זיי פאָרמירן אַ גרויסן, ברייטן בריק.

„די שפּערלינגען מיט זייער געשריי מעלדן דעם פּאַסטוך, ער זאָל אַריבערגיין.

„דער פּאַסטוך האָט נישט קיין דרייסטקייט.

„די שפּערלינגען פּישטשען שטאַרקער.

„זיי רעדן אים איין.

„ענדלעך שטעלט ער אַ טריט אויף דער בריק פון די שפערלינגען.

„ווען ער קומט אָן אין סאַמע מיטן, באַרויקט ער זיך. ס'איז נישטאָ קיין שום סכנה.

„ער שפרייזט גאַנץ רויק צום מזרח־ברעג. ער קומט אַהין אָן. די בריק איז צעשטערט די שפערלינגען זענען אַוועק־געפלויגן.

„תיכף דערזעט דער אָקסן־פּאַסטוך אַ וואַלד און אַ שאָטן אונטער אַ בוים.

„ס'דאַכט זיך אים, אַז ער דערקענט דעם שאָטן פון אַ פרוי.

„ער טראַכט זיך:

„ס'איז געוויס זי.

„ער לויפט אַהין.

„ער קומט צו.

„אָט איז די שפינערין.

„דאָס ביסטו, מיין טייערע! אויף אָן אמת דו...

„דער אָקסן־פּאַסטוך נעמט זי אַרום.

„ליידער, איך וואַרט אויף דיר דורות לאַנג, האָט געזאָגט די שפינערין.

„אָט זענען זיי ווידער צוזאַמען.

„דאָס גליק, זאָגט דער אָקסן־פּאַסטוך, איז אין דער אַרבעט."

„די פרייד, זאָגט די שפינערין, קומט נאָך ליידן."

און פאַרענדיקנדיק, חזרט מיין מוטער:

„יאָ, מיינע קינדער, דאָס גליק איז אין דער אַרבעט און פרייד קומט נאָך ליידן."

איינמאָל איז אין אונדזער שפייכלער פאַרבליבן בלויז פיר מאָס רייז. פאַר אונדזער געברויך האָבן מיר געדאַרפט צוויי קופּלעס אַ טאָג.

אונדזער אַן אָרעמער שכן איז געקומען בעטן, מען זאָל אים געבן רייז.

„טייערע ברידער און שוועסטער, שוין דריי טעג, ווי מיר עסן נישט", האָט ער צו אונדז געזאָגט.

„ס'איז געפאַלן אַ שניי.

„מיין מוטער, נישט אָנפרעגנדיק זיך ביי דער באָבע, האָט אים אַוועקגעגעבן אַ העלפט פון אונדזער רייז.

„מיר קינדער, זענען מיר דערשטוינט געוואָרן און אָרויס-געלאָזט אַ געשריי:

„מאַמע! און די באָבע?... און מיר?..."

מיין מוטער, אַ באַרויקטע, האָט אונדז דערציילט:

„אונטער כאַנס דינאַסטיע (24–206) איז געווען אַ מיניס-טער מיטן נאָמען האַנג-לאָ-או. ער האָט געשמט פאַר אַן אָרנט-לעכן מענטש, הויפּטזעכלעך אין זין פון רחמנות צו מענטשן.

„ווען ער איז געווען יונג און אומבאַקאַנט, איז ער גע-ווען זייער אָרעם.

„ער האָט געלעבט אַן עלנד לעבן, צוזאַמען מיט זיין צניעהדיקער ווייב.

„איינמאָל איז זיינער אַ שכן, מער געדריקט פון אים, געקומען בעטן רייז. שוין דריי טעג, ווי ער מיט זיין פאַמיליע האָבן נישט געגעסן.

„די פרוי האַנג איז געווען שטאַרק פאַריאושט.

„זי האָט זיך געוואַקלט, צי זי זאָל באַפרידיקן דעם ווונטש פונם שכן.

„זי האָט געזאָגט צו איר מאַן:

„ליידער: ס'איז אונדז מער נישט פאַרבליבן ווי צוויי מאָס רייז. אונדזער בייטל איז פוסט. וואָס וועלן מיר מאָרגן טאָן?"

„האַנג האָט אָפּגעענטפערט זיין ווייב:

„מיר וועלן דאַרפן ערשט איבערמאָרגן און זיי דאַרפן שוין היינט!"

„די האַנגס האָבן אַוועקגעגעבן דעם שכן אַ טייל פון זייער רייז.

„דער הונגער-טויט וואַרט נישט!

„זייער שכן וועט שטאַרבן אינם זעלבן טאָג, אויב ער וואָלט נישט באַקומען שפּייז.

„בעת די האַנגס וועט ערשט אויסקומען צו שטאַרבן איבערמאָרגן. האָרכט אויס די פיינע פראַזע פון דעמדאָזיקן חכם:

„איך וועל בעסער שטאַרבן מאָרגן צוזאַמען מיט אונדזערע עלנדע שכנים, איידער איינער אַליין בלייבן לעבן ביז איבערמאָרגן".

„אָט איז דער אלף-בית פון דער מענטשהייט און פון אחדות!

„אַזוי זאָלט איר זיך אויך נוהג זיין, מיינע קינדער", פאַרענדיקט מיין מוטער.

מיין מוטער האָט איינמאָל דערציילט אַ פיינע געשיכטע וועגן דעם טויט פונם זיידן פּאַנג-טסו, דעם אומשטערבלעכן זקן.

„אונטער טשעוס דינאַסטיע (1135—247) האָט געלעבט אַ זקן, מיטן נאָמען פּאַנג-טסו. ער האָט געלעבט אין די צייטן פון קאָנפוציוס און אין זיין לעבן האָט ער געהאַט מער פון צוואַנציק ווייבער.

„מיינע קינדער, איר וועט געוויס זאָגן, אַז ס'איז אוממעגלעך צו האָבן צוואַנציק ווייבער פאַראַמאָל. דאָס זענען מסתם געווען קעפּס-ווייבער.

„ווירקלעך, זיין ערשטע ווייב האָט מיט אים געלעבט ביז ער איז אַלט געוואָרן אַכציק יאָר, נאָכדעם איז זי געשטאָרבן. ער האָט ווידער חתונה געהאַט. זיין צווייטע ווייב איז געשטאָרבן און דערזעלבער עלטער וואָס די ערשטע. ער האָט נאָכאַמאָל חתונה געהאַט. די דריטע איז געשטאָרבן. ער האָט כסדר חתונה געהאַט, און זיי זענען געשטאָרבן... געשטאָרבן... געשטאָרבן...

„אָט אַזוי איז ער געווען אַ מאַן פון אַ צוואַנציק ווייבער, אַלע געזעצלעכע, יעדע האָט מיט אים געלעבט ביז ער איז געקומען אין אַ געוויסער עלטער.

„געוויינלעך לעבט מען ביז זעכציק אָדער ביז זיבעציק יאָר. פאַרוואָס האָט דער זיידע פאַנג-טסו דערלעבט ביז אַזאַ טיפער עלטער?

„ווייל זיין נאָמען איז נישט פאַרצייכנט געוואָרן אין די ספרים פונם מלך יען-לאָאָן, אָדער דער גאָט פון לעבן און טויט.

„אָט דעריבער האָט ער צו אַכט הונדערט יאָר אויפדאָסניי חתונה געהאַט.

„אין פאַלאַץ פונם גאָט פון טויט האָט מען פון אים פאַרגעסן.

„אַלע זיינע ווייבער זענען געשטאָרבן, און ער האָט נאָך געלעבט און האָט זיך זייער גוט געהאַלטן.

„אויפגערעגט פון דערדאָזיקער אומגערעכטיקייט, האָבן זיינע ווייבער אַפּעלירט צום מלך יען-לאָאָן.

„זיי האָבן אים באַשולדיקט, אַז ער האָט מיסברויכט מיט זיינע פרויען.

„יעדע פון אונדז, — האָבן זיי געטענהט, — האָט געלעבט עטלעכע צענדליק יאָר. די עלטסטע האָט נישט דערצויגן ביז הונדערט, ווייל אייער מאַיעסטעט האָט אַרויפגעלייגט אויף אונדז אייער געטלעכן געזעץ, וואָס פאַרפליכטעט אונדז צו קומען אַהער.

„פאַרוואָס לאָזט איר לעבן דעם זקן פאַנג-טסו ביז דער עלטער פון אַכט הונדערט יאָר? זענען מיר דען נישט אַזעלכע מענטשן, ווי ער? הערשט דען אין אייער מלוכה אַזאַ אומגע-רעכטיקייט?

„מיר באַשולדיקן, אַלזאָ, דעם זקן פאַנג-טסו אין פרויען-מיסברויכונג. מיר האָבן די העזה צו זאָגן, אַז אייער מאַ-יעסטעט איז דערין פאַראינטערעסירט.״

„אויסהאָרכנדיק זיי, איז דער מלך יען-לאַאָן דערשטוינט געוואָרן און גלייכצייטיק אויפגערעגט.

„וואָס זאָגט איר? אַ מענטש פון אַכט הונדערט יאָר און אַ מאַן פון צוואַנציק ווייבער?

„ביי דידאָזיקע ווערטער עפנט ער אויף און קאָנטראָלירט די ספרים פון געבורט און טויט.

„ער זוכט און זוכט דעם נאָמען פונם דאָזיקן זקן.
„ער געפינט אים נישט.
„ס'איז אַן אויסטערלישע מעשה, טראַכט ער.
„אַן אויפגערעגטער, פרעגט ער די פרויען:
„ווּ וווינט ער, דער זקן פאַנג-טסו, אייער באַשול-דיקטער? פאַרוואָס איז זיין נאָמען נישט דערמאָנט אינם היי-ליקן ספר?"

„ער וווינט אויפן ברעג פון אַ קליין טייכל, אויף וועלכן ס'איז איבערגעצויגן אַ בריק.

„טאָג-טעגלעך גייט ער איבערן דאָזיקן בריק."

„אויסהאָרכנדיק די דאָזיקע אָנקלאָגע פאַרשטייט יען-לאַאָן, אַז ער האָט פאַרגעסן אַריינצוטראָגן אינם הייליקן ספר פון טויט דעם נאָמען פונם דאָזיקן אַכטהונדערט-יעריקן זקן, דעם מאַן פון צוואַנציק ווייבער.

„דער מלך יען-לאַאָן גיט אַרויס אַ באַפעל עטלעכע טויט-זשאַנדאַרמען, זיי זאָלן אַרעסטירן די נשמה פונם אַלטן זיידע.

„דידאָזיקע טויט-זשאַנדאַרמען קומען תיכף אָן אויפן בריק. זיי באַגעגענען דאָרט אַ סך מענטשן, אָבער זיי ווייסן נישט, צי דער זקן איז צווישן זיי.

„דעמאָלט פרעגן זיי יעדן איינעם, וואָס זיי באַגעגענען: „קענט איר דעם זיידן פאַנג-טסו"?

„ניין, ניין", ענטפערן די פאַרבייגייער.

„עטלעכע טעג האָבן זיי זיך אַרומגעדרייט און האָבן דעם זקן נישט געפונען. זיי האָבן זיך צוריקגעקערט אינם געטלעכן פּאַלאַץ און איבערגעגעבן די רעזולטאַטן פון זייער נסיעה.

„גאָט איז אין כעס. איינער פון די יועצים רופט צו אַ זשאַנדאַרם, ער שושקעט אים עפעס אַריין אין אויער.

„דער זשאַנדאַרם מיט עטלעכע זיינע חברים לאָזן זיך אַוועק, כדי אויפצוזוכן דעם זקן פאַנג-טסו.

„איינמאָל איז דער זקן פאַנג-טסו אַדורכגעגאַנגען איבער דער בריק.

„ער האָט זיך געשדכנט צו זיין ניינאונצוואַנציקסטער ווייב.

„ער זעט, ווי עטלעכע קינדער האַלטן אַ שטיקל קויל אין די הענט.

„זיי ווילן אויסוואַשן דעם קויל אין טייך.

„דער אַלטער זיידע האָט אויף זיי קיין אַכט ניט געלייגט. ער טראַכט וועגן זיין נייעם שידוך.

„אַזוי זענען אַדורך עטלעכע טעג.

„דער זיידע האָט חתונה געהאַט מיט אַ יונג מיידל פון צוואַנציק יאָר.

„קיינער האָט נישט געוווּסט דעם זיידנס יאָרן.

„דאָס נייע פּאָר גייען ווידער פאַרביי די בריק.

„די קינדער זענען כּסדר דאָרט. זיי האַלטן אין איין וואַשן דעם קויל.

„אַ פאַרוווּנדעטער, פרעגט זיי דער זיידע:

„קינדער, וואָס טוט איר דאָרט אין טייך״?

„מיר וואַשן אַ שטיק קויל, זאָגן זיי אַלע אין איין קול, מיר ווילן אים ווייס מאַכן.

„קינדער, ס׳איז אַ נאַרישקייט! קויל קען קיינמאָל נישט ווייס ווערן. איך, דער זיידע פּאַנג־טסו, אַ זקן פון אַכט הונדערט יאָר, האָט קיינמאָל נישט אָנגעזען קיין ווייסע קוילן״.

„דערהערט פון אַזאַ מין עלטער, איז זיין יונגע ווייב אַריינגעפאַלן אין וואַסער און געשטאָרבן.

„דידאָזיקע קינדער זענען געווען די פאַרשטעלטע זשאַנדאַרמען. דערהערנדיק דעם זיידנס אויסרוף, האָבן זיי תיכּף אַרעסטירט זיין נשמה.

„זיי קומען אין פּאַלאַץ פון גאָט פון טויט מיט אַ פּאָר נשמות: איין נשמה אַכט דורות אַלט, די צווייטע יונג פון צוואַנציק פרילינגען.

„דער זיידע פּאַנג־טסו איז טויט.

מיין מוטער האָט פאַרענדיקט:

„יעדער דור האָט זיינע נאַרישקייטן.

„און אַ גאָט קען אויך פאַרגעסן.

„אַלץ האָט אַ סוף.

„דער זיידע פאַנג-טסו איז נישט געגומען געוואָרן אומ-
געריכטערהייט.

„פאַרזיכטיקייט איז אַ נשמה, וואָס בלאָנקעט פאַרן טויט.

„אין דער אומגעריכטער רגע לאָזט מען אַרויס אַ געשריי
פון אמת.

„מיר זענען איינמאָל איינאָוונט געזעסן אין באַמבוס-וועלדל,
וועמענס וואָרצלען זענען דויערהאַפט און פעסט אין רוים און
אין דער צייט. די איינצלנע און די געצווייגטע צווייגן האָבן
זיך געשאָקלט אויפן ווינט, ווי שוועסטער און פריינט, און די
קליינע שפּראָצן זענען כסדר אַרויס פון דער ערד, ווי קינדער.
שטאַרק באַאיינפלוסט, האָט מיין מאַמע אונדז דערציילט אַ גע-
שיכטע וועגן דעם אומבאַוווסטזיניקן הער.

„דער אומבאַוווסטזיניקער הער האָט אַמאָל געוווינט אין
אַ הויז, וואָס ער האָט באַקומען בירושה פון זיינע עלטערן.

„דאָס הויז פונם אומבאַוווסטזיניקן הער איז געשטאַנען
קעגן אַ הויכן באַרג, וועלכער האָט פאַרשטעלט די שיינע וואַ-
רעמע זון.

„אין הויז איז תמיד געשטאַנען אַ קעלט!

„ס׳איז געווען צוויי עצות, וויאַזוי צו געווינען די זון —
דעם עלעמענט פון לעבן:

„די ערשטע עצה: אַרויספאָרן אויף אַן אַנדער וווינונג.

„דעם אומבאַוווסטזיניקן הער איז אַזאַ מין פּראָיעקט נישט
געפעלן געוואָרן.

„ווייל אַלס גוטער כינעזער האָט ער פאַר קיין שום
פּרייז נישט געוואָלט פאַרלאָזן דאָס הויז פון זיינע אבות, — דעם
וואָרצל פון זיין אָפּשטאַם-בוים.

„פאַרלאָזן דאָס הויז פון זיינע אבות, איז ביי אים גע-
ווען פאַרעכנט פאַר אַ פאַרברעכן קעגן עלטערן-כבוד, וואָס די
חכמים האָבן באַפוילן.

„די צווייטע עצה איז געווען אַ גאַנץ פשוטע: משלח

זיין דעם באַרג אין ים אַריין, אַז די צוקונפטיקע זון זאָל קע־נען וואַרעמען דאָס הויז פון זיינע אבות.

„ער האָט זיך אָנגעכאַפּט ביים צווייטן באַשלוס.

„דער הער אומבאַוווסטזיניקער האָט געהאַט אַ ווייב, פינף זין, פינף שניר, צוואַנציק אייניקלעך.

„ער האָט זיך גענומען צו דער אַרבעט.

„יעדער איינער מיט אַ „טוק”, (צווי צעבערס אויף אַ שטאַנג) אויף דער פּלייצע, אַרבעט פון אינדערפרי ביז ביינאַכט. מען טראָגט אַוועק דעם באַרג שטיקלעכווייז.

„איינמאָל איז לעבן באַרג פאַרבייגעגאַנגען אַן אַלטער פריינט פונם אומבאַוווסטזיניקן, מיטן נאָמען אַלטער אינטעלי־גענט, וועלכער האָט געוווינט אין אַ זוניקע הויז, ביים ברעג פונם בלויען טייך.

„ער האָט זיך געוווּנדערט צו זיין פריינט מיט אַ שמייכל:

„מיין אַלטער ברודער, דו ביסט נישט בלויז דער הער אומבאַוווסטזיניקער, נאָך אויך דער הער שוטה.

„דו ווייסט, אַז אונדזער לעבן איז קורץ, און דו ביסט שוין אַלט. די נאַטור איז אַלמעכטיק. ווייל זי איז אייביק. די אָרעמע מענטשהייט קען גאָרנישט אויפטאָן קעגן איר.

„דער נצחון איבער דער נאַטור איז אַ געוואַלדיקע או־טאָפּיע.

„די אינדוסן, די חכמים, וועמענס הויכע פילאָזאָפיע מיר באַוווּנדערן אַזוי שטאַרק, האָבן עס גאַנץ גוט פאַרשטאַנען און האָבן אַנטוויקלט די תורה פון נישט קעגנשטעלן זיך.

„וואַרף אַוועק דיין אַרבעט אויף דעמדאָזיקן פרעכטיקן באַרג, וועלכער איז דעם אויבערשטנס אַרבעט און איז די איי־ביקייט אַליין.

„ס'איז נאָך נישט שפּעט, מיין טייערער אומבאַוווסטזי־ניקער, זאָלסט באַגרייפן אונדזער אומפעיקייט און אייטלקייט, — די איינגעשאַפט פון אַלע פאַרבייגייענדיקע זאַכן.

„אויסהאָרכנדיק די ערנסטע פילאָזאָפישע עצה פון זיין

אַלטן פריינט, האָט דער אומוויסנדיקער העָר אַ שמייכל געטאָן און גאַנץ פּשוט אים אָפּגעענטפערט:

„מיין טייערער אַלטער אינטעליגענטער ברודער, אַלטער חכם, דו ביסט גערעכט און נישט גערעכט.

„דו קענסט די נאַטור, אָבער דו קענסט נישט דאָס לעבן פונם מענטשן.

„דאָס לעבן איז קורץ, ווען מען האָט אין זינען איין דור, אָדער איין יחיד.

„דאָס לעבן אָבער איז לאַנג און אייביק, ווען מען האָט אין זינען דורות אויף דורות, יחידים אויף יחידים, אין רוים און אין דער צייט.

„דאָס לעבן פון דורות און די עקזיסטענץ פון מאַסן יחידים, זענען זיי דען צייטווייליק, ווי דו זאָגסט?

„זיי ווייסן, קלוגער פריינט, אַז די לעבעדיקע אייביקייט איז שטאַרקער פון דער טויטער אייביקייט!

„דו זאָגסט, אַז דיין יינגערער אומוויסנדיקער ברודער איז אַן אַלטער שוטה.

„איך וועל זיך איניגיכן אָפּטראָגן.

„אָבער איך וועל נישט אָפּשטאַרבן.

„ווייל מיינע פינף זין און מיינע פינף שניר וועלן פאָרטזעצן מיין אָנגעהייבענע אַרבעט.

„און מיינע אייניקלעך וועלן פאָרטזעצן.

„און מיינע אור-אייניקלעך וועלן פאָרטזעצן.

„ביי היינטיקן טאָג זענען מיר צוויי-און-דרייסיק, מאָרגן וועלן מיר זיין הונדערט, טויזנט, צען טויזנט, הונדערט טויזנט.

„אויב אונדזערע שכנים און אונדזערע פריינט וועלן אונדז העלפן, ווי מיר העלפן זיי, וועלן מיר זיין מיליאָנען, מיליאַרדן.

„אַז מיליאָנען און מיליאַרדן נפשות וועלן אַראָפּנעמען פון באַרג, יעדער איינער אַ שטיקל, צען שטיקלעך, הונדערט שטיקלעך, טויזנט שטיקלעך, איז עס דען אַן אוממעגלעכע זאַך, מיין טייערער קלוגער פריינט.

„זיי וויסן, אַז דער באַרג וועט נידעריקער ווערן און מיר וועלן אַלץ וואַקסן אין צאָל.

„אונדזערע אבות, אַ דאַנק דער לעבעדיקער אייביקייט וואָס באַזיצט אין זיך די מענטשהייט, האָבן באַזיגט בלאָטעס, בערג, פעלזן און וויסטע אינדזלען. זיי האָבן אַריינגעגעבן אַ נשמה דער ערד, און איצט גיט זי פינף שניטן אַ יאָר. און מיר האָבן היינט באַזיגט דעם ים, די לופט, די אונטער-ערד, די טראָפּישע געגנטן און די פּאָלן.

„מיט אונדזער מספר, מיט אונדזער אייניקייט און אחדות, וועלן מיר דען מאָרגן נישט קענען באַזיגן די מדבריות, די הויכע בערג, די ווייטע ימים, די ערד-טיפענישן, די אומבאַקאַנטע אַטמאָספערן און פאַרשידענע אַנדערע שטחים, וואָס דער מענטש האָט ביז איצט נישט פאַרנומען?

„דערלויב דיין אומוויסנדיקן ברודער, דעם שוטה, דיר דערציילן אַ טרוים. מאָרגן וועט דער מענטש אויף ימים אויסבויען גאַנצע שטאָקן פון האָלץ און פון אייזן; אינדערלופטן וועט ער אויסבויען שטאָקן פון האָלץ און פון אייזן; ער וועט אויסבויען שטאָקן פון האָלץ און פון אייזן אין די ערד-טיפענישן. אַלץ וועט זיך באַוועגן.

„די מענטשהייט גייט פאָרויס דעמאָלט, ווען זי פירט אַ קאַמף מיט דער מאַטעריע. זי בלייבט שטיין ווען זי ווערט צעריסן אויף צוויי טיילן, אויף פיר, אויף אַכט, אויף זעכצן און אויף אומענדלעכקייט.

„זי ווערט דעגענערירט, ווען זי קעמפט נישט מער קעגן דער נאַטור, און ווען די מענטשן קעמפן בלויז צווישן זיך.

„דער מענטש מוז זיין מענטשלעך אין אַלע הינזיכטן.

„ער דאַרף וויסן, אַז ער אַליין איז אַ גאָט, אַ לעבעדיקער גאָט.

„ער איז אַלמעכטיק.

„ער קען פאַרטיליקן די אוממעגלעכקייט.

„ער קען אָפּרוימען אַ באַרג און ענדערן זאַכן.

„ער קען אַראָפּשלאָגן די קעלט און באַזיגן די זון.

,,ער קען באַוועגן די אומבאַוועגלעכקייט, פעסט מאַכן ווייכע זאַכן.

,,ער קען פאַרשענערן די העסלעכקייט, מאַכן קליגער די נאַרישקייט און באַקעמפן די אומוויסנקייט.

,,ער קען, ענדלעך, אידעאַליזירן די ווירקלעכקייט. רעאַליזירן דעם אידעאַל, מאַטעריאַליזירן דעם גייסט און ספּיריטואַליזירן די מאַטעריע.

,,דו וועסט מיר זאָגן, אַז איך בין אַן אומבאַוווסטזיניקער, אַ בהמה, אַ שוטה, אַן אומוויסנדער.

,, דערמאָן זיך וועגן כינעזישן שפּריכוואָרט, וואָס זאָגט:

,,צווישן טויזנט געדאַנקען פון חכמים, געפינט זיך אָפט אַ טעות.

,,צווישן טויזנט געדאַנקען פון שוטים, געפינט זיך אָפּטמאָל אַן אמת".

,,איך גלויב אין דער רעליגיע פון דער מענטשהייט. איך בין אַ כינעזער און איך בין דער קולט פון די אבות".

בעת מיין מוטער האָט פאַרענדיקט דידאָזיקע מעשה, האָבן די באַמבוסן נישט אויפגעהערט צו וואַקסן און צו שאָקלען מיט זייערע קעפּ.

אַ באַמבוס איז אַ יחיד אַ דאַנק זיינע צווייגן און קאָלעקטיוו אַ דאַנק זיינע וואָרצלען.

איז אַ באַמבוס אַ יחיד אָדער אַ קאָלעקטיוו?

---

# קאַפּיטל דרייצן

## דאָס, וואָס מיין מוטער האָט אונדז אָפּט דערציילט.

דער טויט... וואָס איך קען... איז אַ זיסע באַפרייונג פאַר נפשות, וועלכע זענען אַ לאַנגע צייט פאַרזונקען אין עלנד און ליידן.

ווייַן פאַרשיכורט אונדז אויף אַ רגע, און דער טויט פאַרשיכורט אונדז אויף אייביק.

מען שטאַרבט, פונקט ווי מען טרינקט.
ס׳איז אנגענעמער צו שטאַרבן ווי צו לעבן.
איך האָב געזען אַרום זיך אַ סך טויטע.
דער טויט איז סימפּאַטיש.

איך קען דעם טויט, ווי איך קען זיך אַליין.

ווען מען קען איבערטרעטן די שוועל פונם טויט, דאָס הייסט ווען מען קען אָנקוקן דעם טויט מיט אַ רויק פרייַנטלעך אויג, איז מען נישט קיין פּשוט ווען. אַ שוטה איז דעמאָלט — אַ חכם, אַן אומגעבילדעטע פרוי איז — אַ פרוי אַ שרייבער.

די זשעני ווערט געבוירן.

אָבער צייטנווייז איז דער טויט נישט קיין קרבן און זעלבסטמאָרד איז אַ געמיינקייט.

מען דאַרף קענען אַנטלויפן פון טויט און לעבן און ליידן, ווען מען דאַרף עס.

שטאַרבט, ווען איר דאַרפט שטאַרבן!

לעבט, ווען איר דאַרפט לעבן!

דערווייל לעב איך, ווייל איך דאַרף לעבן.

ווייל איך וויל, איך דאַרף און קען אייך דינען, אייך מיינע טייערע פריילינג-נשמות, אייך פאָרשטייער פון דער מאָרגנ-דיקער מענטשהייט.

איך באַדין די מענטשהייט, ווען איך באַדין אייך, מיינע קינדער, מיינע קליינע אבות!

דאָס לעבן איז פאַר מיר אַ גיהנום אָן אַ סוף.

דאָס לעבן איז אַ לאַנגזאַמער און כסדרדיקער טויט, אַ פילפאַכיקער טויט.

איך האָב ליב זיך מקריב צו זיין.

איך פאָלג די באָבע און גיב אייך פרייהייט.

איך לעב בלויז פאַר אייך.

איך בין אייערע, פאַר אייך, מיט אייך.

איר זענט מיין נחמה, איר זענט מיינע בלומען, איר זענט מיינע זומער-פייגעלעך, איר זענט מיינע פייגעלעך, איר זענט מיין גאָרטן פונם פריילינג גן-עדן!

איך באַגיס אייך מיט מיינע טרערן און מיט מיין בלוט. איך שפייז אייך מיט מיינע עקסטראַקטן און זאַפטן, איר וואַקסט אַ דאַנק מיינע דאגות און מיינע זאָרגן.

איך וועל אונטערגיין מיט אייך.

איך וועל זיך מקריב זיין פאַר אייך.

נישט בלויז איך, אייער מאַמע, נאָך אויך אייער טויב-שטומע שוועסטער. זי לעבט אויך פאַר אייך.

אייער פאָטער איז טויט, איר לעבט פאַר אים.

איר זענט די ביינער פון זיינע ביינער, דאָס לייב פון זיין לייב, דאָס בלוט פון זיין בלוט און די נשמה פון זיין נשמה.

אויב ער איז די קנאָספּע, זענט איר די בלום.

אויב ער איז די קריזאַלידע זענט איר די שמעטערלינגען.

איך האָב שטאַרק מורא, ס'זאָל אַמאָל פון אייך נישט ווערן קיין מענטשן און אַלע מיינע קרבנות זאָלן נישט גיין לאיבוד.

איך האָב מורא, איך זאָל נישט פאַרפעלן מיין מוטערלעכן
חוב און אויף אַזאַ אופן נישט ווערט זיין אייער פאָטער.
אויב איר נויטיקט זיך אין מיר, נעמט מיך אינגאַנצן.
אויב צו פאַרשטאָפּן אַ לאָך אין אַ דאַמבע, כדי צו פאַר־
מיידן אַ פאַרפלייצונג, נויטיקט איר זיך אין אַ מענטשלעכן קער־
פּער, הייס איך אײַך איר זאָלט מיך אַהין אַריינוואַרפן.
ווייל כּל־זמן איר זענט דאָ, וועל איך אויך זיין.
און אַז איר וועט לעבן, וועל איך אויך לעבן.
פאַרשעמט נישט אייער פאָטער און אייער משפּחה.
זייט מענטשן פון דער מענטשהייט.
טראַכט און דענקט.
טוט וואָס איר ווילט.
שאַפט זיך אַ מיינונג איבערן מהות פון זאַכן.
גיט זיך אָפּ אַ חשבון, ווו איר געפינט זיך, איידער איר
שאַפט די מיינונג.
רוים און צייט.
איר זאָלט שטענדיק אַרבעטן.
איך אַליין בין גאָרנישט, איך בין אַ שוואַך וועזן.
מיר אַלע צוזאַמען זענען עמיץ אָדער עפּעס.
ווייסט, מיינע קינדער, אַז אויפריכטיקייט איז דער פונ־
דאַמענט־שטיין פון לעבן און שלום.
מען דאַרף קיינמאָל נישט זאָגן קיין ליגנס.
דער שקר איז אַן ערגערער פאַרברעכן, ווי נישט האָרכן
עלטערן.
אויפריכטיקייט קען באַוועגן די גאַנצע נאַטור.
אויפריכטיקייט איז דער שליסל פון גן־עדן.
די כּסדרדיקע הסכּמות פון טויזנטער חניפהניקעס האָבן
נישט אַזאַ ווערט, ווי דער פּלעצלעכער פאָרוווּרף פון איין גוטן
מענטשן.
האָט ליב די אויפריכטיקייט.
האַלט אייער צוזאָג.

איר וועט מיך נישט ווערט זיין, אויב איר וועט חרטה האָבן אויף אייערע רייד און נישט האַלטן קיין צוזאָג.

ווי צום שנעלסטן זאָלט איר דערפילן אייער צוזאָג.

דערמאָנט זיך וועגן דעם גרויסן קי־פו, וועלכער האָט פאַר טויזנט גאָלדענע רענדלעך נישט געבראָכן דעם צוזאָג.

ווייל אַ צוזאָג איז ביי אים געווען פאַררעכנט פאַר אַן ערנסטע זאַך.

דער לעצטער אין דער געזעלשאַפט איז דער, וואָס האַלט נישט זיין וואָרט.

דחקות און עלנד זענען בערג אין לעבן, זיי האָבן אַ סך נישט דורכגעגאַנגליכע שפּיצן.

דער מענש באַהערשט זיי.

באַזיגט מיינע קינדער די אומענדלעכע טרעפּ פונם לעבן.

איך וועל תמיד נישט זיין מיט אייך.

זייט אומאָפּהענגיק, זייט שטאַרק און גוט!

מען דאַרף נישט דערלאָזן, אַז קינדער זאָלן ליידן.

— אָבער אונדזער וועלט איז נישט קיין וועלט.

מען דאַרף זי צעשטערן און איבערמאַכן.

ווייל דאָס קינד ליידט.

ווען איך בין מיט אייך, לייד איך צוליב אייך.

ווען איך זענט ווייט פון מיר, לייד איך אינדערשטיל.

קוקט מיט דרך־ארץ אויף פרויען, נישט וויכטיק צו וועל־כער קאַטעגאָריע זיי באַלאַנגען. האָט מיטלייד מיט זיי, ווייל זיי זענען קרבנות פון דער טראַדיציע און קעפּס־ווייבער פון אייער סאָציאַלער דערציונג.

נישט איך אַליין בין אייער מאַמע, אַלע פרויען זענען עס. ווייל יעדע איינע באַזיצט דעם געטלעכן עלעמענט: מו־טערלעכקייט.

האָט קיינמאָל נישט פיינט קיין אומוויסנדע פרוי. טוט אַ טראַכט וועגן אייער מוטער. זי איז אויך פון דידאָזיקע.

אויב פרויען זענען עגאָיסטקעס, איז עס דערפאַר, ווייל די מענער האָבן זיי געמאַכט פאַר אַזעלכע.

אינדעראמתן זענען די מענער גרעסערע עגאָיסטן פון די פרויען.

איך האָב תמיד דרך-ארץ פאַר אייער באָבע, ווייל פאַר מיר איז די באָבע אומשולדיק און זי איז בלויז אַ קרבן פון דער שלעכט-געבויטער געזעלשאַפט.

האָט מיטלייד מיט אייער מוטער, ווייל זי האָט קיינמאָל נישט געהאַט די געלעגנהייט זיך צו לערנען. זייט איר מוחל, אויב זי זאָגט אייך אַמאָל אומוויסנדיקע ווערטער.

איך בין נישט קיין געבילדעטע, אָבער איך ווייס וואָס הייסט ליידן און איך קען דעם טויט.

איך בין אַ מיטגליד פון אַ ליידנדיקער משפחה.
איך האָב נישט קיין מוטער. ליידן — זענען מיין מוטער.
איך האָב נישט קיין בילדונג. ליידן — זענען מיין בילדונג.
איך האָב נישט קיין מאַן. ליידן — זענען מיין מאַן.
איך האָב נישט קיין קאָפּ. ליידן — זענען מיין קאָפּ.
איך האָב נישט קיין אויגן. ליידן — זענען מיינע אויגן.
איך האָב נישט קיין נשמה. ליידן — זענען מיין נשמה.
איך האָב נישט קיין גוף. ליידן — זענען מיין גוף.
איך האָב נישט קיין הענט. ליידן — זענען מיינע הענט.
איך האָב נישט קיין פיס. ליידן — זענען ליידער מיינע פיס! צעקאָלעטשעט אין לאָטאָט-בלומען.

דער מאַן איז געקומען, כדי צו געניסן, די פרוי — צו ליידן.

אין די סודותפולע פּאַלאַצן אויפן אָריענט, וויפל ליידנ-דיקע קערפּער ליגן דאָרט זינט דורות אָנגעלייגט.

דאָס לעבן פון קעפּס-ווייבער ביי הערשער איז אָפט זייער שרעקלעך!

די פרויען האָבן נישט קיין טאָג. ליידן זענען זייער טאָג.
פרויען האָבן נישט קיין נאַכט. ליידן זענען זייער נאַכט.
געבענטשט זאָלן זיין די ליידנדיקע!
געוויינט צו ליידן, בוק איך זיך פאַר זיי און איך האָף,

אַז מיינע קינדער און מיינע קינדס־קינדער וועלן אָפּהאַלטן אי־בער זיי אַן אנטגילטיקן נצחון.

אין דעמדאָזיקן צוקונפטיקן נצחון וועט אַנטשטיין די האָפענונג פון אייער טויב־שטומער שוועסטער; די האָפענונג פון אייער מוטער, אַ ליידנדיקע אלמנה און אַן אומגעבילדעטע פרוי; די האָפענונג פון אָפּגעווייסטע ביינער און פון בלאָנ־קענדיקע ריחות, פון אַלע פרויען און פון אַלע נפשות, פאַר־זונקען אין טיפער עלנד.

אַלזאָ, איך זאָג צו אייך:
„גיט ריין די הונגעריקע,
„און אייער האַרץ די ליידנדיקע".
אייער פאָטער איז טויט.
ער לעבט אין אייך.
שילער האָט אונדז געזאָגט:
„דער מענטש וויל
„די זאַכן מוזן"...

# די נאַכט

נאָכן אויסברוך פון מיינע ליידן,
זע איך דעם מאָרגנשטערן אינם האַרץ פון טויט.
אין האַרצן פון אָרעמען מאָרגנשטערן:
אַ סטאַטוע!
צופּוסנס פון דער סטאַטוע שרייען מיר אַלע פיר:
מיין מוטער.

# ס ו ף

# אינהאַלט

זייט

קאַפּיטל אַכט



קאַפּיטל ניין



קאַפּיטל צען



קאַפּיטל עלף



קאַפּיטל צוועלף



קאַפּיטל דרייצן



---